מ. י. שעליובסקי: אין דער היים. ארויס־
געגעבען פון דעם ליטעראַרישען פערלאַג.
ניו־יאָרק, תרע״ו.

ISBN:0-657-12670-5

מ. י. שעליובסקי: אין דער היים. ארויס־
געגעבען פון דעם ליטעראַרישען פערלאַג.
ניו־יאָרק. תרע"ו.

## א׳

ביז האלבען טאג איז נאך ווייט. אין דארף מעלקט מען ערשט די בהמות. און דאבע, ישראל׳ס עלטערע מיי־דעל, ווייסט ניט, צו אזשבעטע האט שוין אויסגעמאלקען די בהמה. וואשט זי פויל דעם קריגעל און קוקט ארויס דורך דער אפענער טיר אויפ׳ן לאנגען הויף, אפשר וועט זי אימיצען דערזעהן פון אזשבעטעס געזינד.

מעהר ווי אלע מאל פערדריסט איצטער דאבען אויפ׳ן דארף, פאר וואס מ׳האט זיי ניט געלאזען האל־טען די בהמה; דאס ביסעל מילך וואלט אזוי צונויף גע־קומען... — וואס קען אנדערש איטשע האבען אין דער פינסטערער שטוב ?... אפילו ניט אננעזאנט, ווען ער קומט, אריינגעפאלען ביינאכט. מ׳וואלט געוואוסט — אויסגעוואַ־שען די פאדלאגע, אפשר אויסגעקאלכט אויך"... דאבע האט איבערגעקעהרט דעם קריגעל דאס וואסער זאל אברינען און אוועק נאך מילך.

— בעסער אונטערוואַרטען אין שטאל, זעהען אז די מילך זאל זיין ריין...

לאה, ישראל׳ס ווייב, דינגט זיך מיט וואסיל־סווי־נאבאי פאר זיינע צוויי אקסען. זי ווייסט, אז די צוויי און צוואנציג רובעל זענען זיי ווערט אויף טרפה... זי האט אבער מורא צו קויפען זיי. מ׳וועט זיך דערוויסען, וועט מען פון איהר קיין געדעכעניש ניט לאזען.

— אַ קליינינקייט די גזלנים...

און אַ צוטומעלטע פרעגט זי איבער, פערבייסענ־דיג די ליפּען:

— נו, וואסילקע, ווי וועסטו זיי אבער ברייגגען? דו ווייסט דאָך די הינט, פון זייערע אויגען... און לאה'ן ווילט זיך דערמאַנען וואסיל'ן די חזרים, ווי דער אלטער וואלד־וועכטער האָט איהם געכאַפּט אויפ'ן מיטען וועג, דערפאַר רופט מען איהם „סווינאַבאי", און איהר דוכט אז איצטער וואָלט ער דערפאַר אין כעס אויך ניט גע־וואָרען אויף איהר.

וואסיל — אַ הויכער פעסט געבויערטער גוי — איז געוואָרען פאַרביסען, דורכגעגאַנגען עטליכע מאָל די שטוב און מיט כעס אָנגעהויבען ריידען, ווי ער וואָלט דערפילט לאה'ס ריוונות.

— איינשפּאַנען ביידע אָקסען, ארויפלעגען אַ בי־סעל קאָרען, פאָהרען אין מיהל. די תבואה לאָזען ביי דיר, די אָקסען אריינפיהרען גלייך צום שוחט, דו גרייט נאָר צו דעם „רעזניק!"

— וואָס, איך טאָר ניט? ! מיינע! — איין טאַ־טענס. — ער האָט צוגענומען די גאַנצע שטוב, די פעלד... אַ ברודער! און שיקט בקשות (פּראשעניעס) צום גובער־נאַטאָר, מ'זאָל מיך ניט אריינלאָזען אין דאָרף. מיינע! טוט וואסיל אַ גרויסען שפּיי, פערקוקט זיך דורכ'ן פענס־טער אויף דער זון און בעט ביי לאה'ן אַ האַלבע פלע־שעל בראָנפען.

אין דער נידריגער שטוב זיינען וואסיל'ס ברייטע

פלייצעס אויסגעקומען נאָך ברייטער, זיין וואוקס — העכער; ווי אַ ריעז איז ער אַרומגעגאַנגען אַ צוקאַכטער. האָט זיך לאה דערשראָקען פאַר די אַקסען, פאַר׳ן גאַנצען דאָרף גוי׳ם און אַזוי שוואַך האָט זי זיך דערפיהלט געגען זיי.

— זיי וועלען איהר צומאַלען אויף שטיקלעך... און אַ בלאַסע האָט זי אָנגעהויבען שטאַמלען:

— איך האָב נאָך די אַקסען ניט געזעהן, וועלכע זיינען דאָס? דער שוואַרצער? ער איז דאָך נאָך גאַר אַ יונגער, מעהר ניט איבערגעווינטערט.

און אַז זי האָט זיך בעגעגענט מיט וואַסיל׳ס בליקען, דערזעהן ווי זיינע אויגען האָבען זיך אָנגעצונדען, און די יוכע קאָכט אויף זיינע ליפען — האָבען זיך איהרע אַקסלען ווי איינגעשרומפען און זי איז נידריגער געוואָרען. איהר האָט געדוכט, אַז זי לאָזט זיך אַראָב אויף דער ערד, האָט זי זיך אָנגענומען אָן טיש און געבעטען זיך שטיל:

— איך ווייס ניט, איך ווייס ניט... דו מיינסט איך געה אַרויס אין גאַס, ווער זעהט זיי?

— פאַרנאַכט וועל איך זיי דורכטרייבען פאַרביי דיינע פענסטער, זאָלסט זיך איינקוקען און צונעמען; איצטער גיב בראַנפען!

לאה האָט דערזעהן, אַז וואַסיל איז אין כעס געוואָרען אויף איהר; און דאָס האָט זי געוואוסט, אַז מיט גוטען פירט זי אַלץ ביי איהם אויס, ווערט ער אָבער אין כעס, איז מען ניט זיכער מיט׳ן לעבען, האָט זי אָנגעהויבען שרייען צום מאַן:

— דערלאַנג גיכער! איך האָב דיר שוין דריי מאָל געזאָגט...

און כדי וואַסיל זאָל ניט פערשטעהן אַז איהר מאַן

קריכט נאכ׳ן בראנפען אין אויווען, האט זי אבגערופען זיך צו איהם:

— דו נעהם ארויס די אויער פון אויווען, וועט מען עפּעס מאכען פון דעם פאר׳ן גאסט... און דו, רחל׳ע — האט זי צוגערופען דער קלענערער מיידעלע — ברייננ פון הויף.

ישראל־לאה׳ס מאן — אן איד פון מיטעלען וואוקס מיט א קליין שווארץ בערדעל, דורכגעמישט מיט גרויע האר — האט זי אויסגעצויגען איבער׳ן אויווען, געדרעהט זיך אין אלע זייטען, ארויסגעקוקט צו וואסיל זעהט ניט, דערנאך ארויסגענומען פון ווינקעל אויווען א פלעשעל בראנפען, ארויסגעגאסען אין גאס, אבגענעבען רחל׳ען זי זאל אריינטראגען אין שטוב.

וואסיל סווינאבאי האט מיט איין קלאפּ נעעפענט די פלאש בראנפען. אויסגעטרונקען א האלבע, אוועקגע־שטעלט זי אויפ׳ן טיש און פערטראכט זיך:

— די בייקלעך איהר אבגעבען, זאל זי האבען פלייש. און א שטארקער כעס האט אין איהם געברענט אויף זיין ברודער.

— איך בין געזעסען צוויי יאהר אין אסטראג; פאר וואס? ! פאר וועז? ! געוואלט צונעמען ביים אלטען פערדול די פאר חזרים; און איצטער לאזט ער מיך ניט אריין אין דארף, צוברעכען דעם שארבען וועל איך איהם!

און ער האט געזאגט צו לאה׳ן:

— קויף ביי מיר גאר אב די ערד, גלייך א קאנט־ראקט.

— טרינק, טרינק גיכער אויס — האט זיך לאה געבע־

טען — ער קען נאך אנפאהרען, דער גזלן; אלע טאג זיינען זיי דאך דא.

— זאל ער קומען — איז וואסיל רוהיגער געווארען.

— זאל ער קומען א־א־הא די הינט!

לאה האט פערשטאנען אז וואסיל וועט שוין אזוי גיך ניט אוועקגעהן און די פלעשעל בראנפען וועט נאך אלץ שטעהן אויפ'ן טיש, האט זי געהייסען דער קלענע־רער מיידעל ארויסגעהן אין דרויסען אכטונג געבען, טא־מער וועט אימיצער אנפארען. רחל האט צונויפגעקליבען די פאטשערקעס מיט די סטיינגעס, וואס יצחק האט איהר געבראכט, ארויס אין גאס, אוועקגעזעצט זיך אויף א שטיין לעבען הויף און איינגעקוקט זיך אין דער לאנגער ווייט־קייט ארײן.

ישראל האט אנגעקלאפט אין שויב, ארײנגערוקט דעם קאפ אין פענסטער און אנגעזאגט, אז די אינגלעך זיינען שוין געקומען מיט'ן בראנפען.

לאה האט געהייסען ארײנטראגען אין שטוב דעם בראנפען, ווייל רחל זיצט אין גאס און געבעטען וואַ־סיל'ן גיכער אויסטרינקען.

וואסיל האט א קוק געטהאן אין פענסטער, זעהן צי לאה נארט איהם ניט אפ, דערנאך אויסגעטרונקען זיין בראנפען און אוועקגעגאנגען.

## ב.

אין שטוב זיינען ארייננעגאנגען ישראל'ס ביידע אינגלעך; זעליג פון א יאהר פערצעהן, און פסח — א יאהר צוועלף. זיי האבען אויסגעלעגט זייערע זעקלעך בראנפען אויף דער ערד און מידע אוועקגעזעצט זיך לעבען טיש.

— וואו איז איטשע? — האט דער אינגערער געפרעגט, בעקוקענדיג די שטוב.

— ער איז ארויס אייך בעגעגענען — האט לאה געענטפערט — באלד וועט ער קומען.

ביידע אינגלעך זיינען אומעטיגער געווארען פון דער מאמעס ענטפער, און פסח האט געוואלט געהן געפינען יצחק'ן. לאה האט איהם ניט געלאזען און אנגעהויבען אויספרעגען, צי מ'האט זיי ניט אבגענארט אין „מאנאפאל".

— א פופציגער האט זי מיר ניט געוואלט דערגעבען — האבען זיך פארנאנדערגעברענט פסח'ס קלוגע שווארצע אויגען. זיין פנים איז געווארען פרישער און אויף די בעקלעך האבען זיך רויטע פלעקען אויסגעשפרייט.

— נו וואס האט איהר געטהאן?

— האב איך איהר געהייסען נאך אמאל איבערצעהלען, איך קען בעסער פאר איהר רעכענען — הויבט אן פסח לאכען.

— האט זי אבגעגעבען?

— אודאי!

— גאר ניט צובראכען, טהייערע בן'קלעך? מישט זיך אריין דאַבע.

— און דו בינסט א בעסערע? — פערדריסט זע־ליק'ן, פאר וואָס דאַבע רעדט אזוי, און ער הויבט אַן שרייען:

— למי געהסטו ניט? שטענדיג הייסט מען מיר! אלץ זעליק, שלעפען בראנפען זעליק; אויפשטעהן אין דער פריה — זעליק; זיצען אויפ'ן פעלד — זעליק; אלץ איך!...

— נאר איך איינע דארף דאָס האָבען — שמייכעלט לאה, — אַט אויף דער צוריסענער קליידעל; טאַ זאָגט שוין וואָס האָט איהר צובראכען?

— א קרוטשעק — ענטפערט זעליג.

— ווי צוברעכט מען דאָס? מסתמא געשלאָגען זיך?

— איך ווייס ניט — פערענטפערט זיך פסח, אלץ אזוי פריש און לעבעדיג:—ער געהט א פריהער, איך הינ־טען און קוק זיך ארום צו קיינער פאָהרט ניט. אפשר וועט ער עפעס אנווערען, ווארף אַז אויג אהער, פון בארג זעהט מען דאך אלץ. פלוצלונג זיין זעקעל איז נאס, שריי איך: זעליג ביי דיר האָט זיך עפעס צובראכען!

— ליגנער דו! — מישט זיך אריין זעליג — דאָס איז אזוי געווען.

אינמיטען איז אַבער יצחק אריין און זעליג האָט זיך אָבגעהאלטען.

— מיר האָבען געמיינט, אז דו האָסט שוין פער־

בלאנדזשעט — האט מען איחם פרעהליך בעגעגענט אין שטוב.

— איך האב געווארט אויף די קינדער, וואו זייט איהר געוועזן? איך האב דאך אייך געהיט אויפ'ן וועג.

— אונז זעהט קיינער ניט — האט קלוג געשמייכעלט פסח — ווען מיר געהען מיט בראנפען, דו וועסט קיינמאל ניט וויסען וואו מיר זיינען.

רחל איז אריין פון דרויסען, איהר איז אומעטיג געוועזן צו זיין דארטען אליין, וויסענדיג, אז יצחק איז אין שטוב.

די קינדער האבען זיך ארומגעשטעלט ארום יצחק'ן אריינגעקוקט איהם אין פנים, געטאפט זיין אנצוג. נ'ע־וואלט ריידען מיט איהם, נאר געשעמט זיך עפעס זאגען. פסח האט צוגענומען זיין שטעקען און געפרובט מיט איהם געהן. זעליג האט בעקוקט יצחק'ס זייגערל, געפיהרט מיט'ן פינגער איבער'ן גלעזעל, ווי ער וואלט געוואלט אנ־טאפען די ציפער:

— דו האסט שוין א זייגער'ל? און וואו איז דאס קויטעל?

— ער איז אהן א קויטעל — האט יצחק איבערגע־פירט דעם קנעפעל איבער'ן שנירעל און בעקוקט די קליי־נע שטוב, דעם גרויסען טיש מיט די פאר פערטריקענטע חלות; די געזינד: די שוועסטער מיט די ברידער. ווען ער איז אוועקגעפאהרען איז רחל נאך געוועזן א קליין קינד, אין וויקעלעך, איצטער איז זי שוין א גרויסע מיידעל מיט רויטע בעקלעך. שטעהט לעבען אויוועז מיט אן אפענעם מויל; צוויי שורות ווייסע צייהן קוקען ארויס פון איהם ווי אייזערנע וועגטלעך. זעליג איז אויך א גרויסער בחור

געווארען, רעדט מיט א גראבען קול. און יצחק קוקט זיך איין אויף זיי אלעמען און חזר'ט איבער:

— אט בין איך שוין אין דער היים, אין דער היים, אין דער היים"... ווי ער וואלט מיט דעם געוואלט צוטרייבען דעם אומעט, וואס איז אויף איהם פלוצלונג ארויפגעפאלען.

ישראל דרעהט זיך ארום איבער'ן שטוב און זוכט אן ארט וואו צו בעהאלטען דעם בראנפען, וואס די קינדער האבען געבראכט. ער איז אריין אין פינסטערען שפייכלער, אויפגעעפענט די דעק פון אלמער, בעקוקט אונטער איהם די גרוב, צי מען קען אהין ארייגלעגען. דארטען איז אבער געלעגען אביסעל בראנפען, און נאך לעגען האט ער מורא געהאט.

— ס'קלינגט אב.

— וויפיעל האט געפעלט, ער זאל דאנערשטאג געפינען די צעהן קווארט ווי ניט פסח מיט זיינע קלוגע אויגלעך?...

ער האט ארויסגעשלעפט דעם זעקעל, וואס איז געהאנגען אין קוימען און ארייגעלעגט אהין א פאר קרוטשעקעס. פאר די איבעריגע האט ער אבער ניט געפונען קיין ארט. יעדער שפארונע וואס ישראל האט אויסגעזוכט האט זיך פון אונטער זיינע הענט דעמיאן ארויסגערוקט, ווי א קראט און אנגעוויזען דעם אקציזניק:

— אט א ליגט דאס...

— שווער צו געפינען א גוי'ש אויג! — האט ישראל געטראכט און ער איז ארויס פון שטוב. דער הויף א לאנגער, א ליידיגער פון ביידע זייטען מיט שייערען האט זיך אויסגעצויגען פאר זיינע אויגען. מיט א קליי־

נעם פּלויטעל איז אבגעצאַמט דער גאָרטען. די בוריקעס האָט מען שוין ארויסגענומען פון איהם און די בלעטער פון די קארטאפעל וועלקען נאָך..

— און די קארטאפעל אריינלעגען... איז ביי איהם דורכגעלאָפען א געדאנק.

— זיי זענען שוין אבער פערדאכט; מ'וועט דער־זעהן...

און ישראל איז צוריק אריין אין שטוב, אוועקגעזעצט זיך אַ מיעדער לעבען טיש, איינגעקוקט זיך אויף די זעק־לעך בראנפען און פערענטפערט זיך פאר זיך אליין:

— וואָס קען איך אנדערש טאָן?

אלע זיינען פּלוצלונג שטיל געוואָרען, געקוקט אויף ישראל'ן, אויפ'ן בראנפען, אויף די ווענט און ניט גע־ריהרט זיך פון אָרט...

יצחק האָט זיך דערשראקען פאר דער שטילקייט, איינגעקוקט זיך אויפ'ן טאַטען מיט זיינע פערשטויבטע ברעמען, אויף דער קליינער רחל'ען מיט איהרע פער־סטשימעטע קולאקעס ווי זי האָט עפּעס געמורמעלט, גלייך זי שילט אימיצען — און ניט פערשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר.

— מ'מוז זיך דאָס אַזוי בעהאַלטען? — האָט זיך יצחק ניט געקענט איינהאַלטען.

— אַהאַ! — האָט רחל אויסגעשריען.

— האַלט מען ניט קיין בראנפען.

— פון פּעקעל טיטון וועסטו האָבען א שטיקעל ברויט — ענטפערט לאה — און אויף וואָס דאַרף ער איהם ביי דיר קויפען, אז אין שטאָדט קריגט ער איהם נאָך מיט א גראָשען וועלוועלער.

—מיט יצחק'ן וועסטו זיך שפּעטער אויסריידען—
פערדריסט ישראל'ן פאר וואָס זיי ריידען וועגען אנדערע
זאכען און זוכען ניט קיין אָרט פאר'ן בראנפען.
— וואָס טהוט מען מיט'ן קבר? — פרעגט ער.
— ארויסטראגען צו איוואנען — ענטפערט לאה.
— טרינקען אבער אויס, הארעווע אויף א פרעמדער
וועלט.
— מ'קען איצטער ניט ארויסטראגען — רופט זיך
אָב דאָבע — זיי זיינען אלע אין די שייערען.
— וועסטו נעהמען אונטער'ן פאטשיילע, אביסעל
דארף מען לאָזען אין שטוב, וועלען מיר האלטען אין די
קעשענעס, ביי מיר אין בוזים... און אזא מיידעל ווי דו—
קוקט לאה אויף רחל'ען — קען ניט האלטען א פּאָר
קרוטשקעס ביי זיך, ניט ארומלויפען מיט די שיקסעס...
און איצטער מוזטו דאָס זיין אין שטוב, אויף דיין נאָמען
איז דאָך דער ביליעט, ווילסטו אין אסטראג זיצען? און
לאה דרעהט זיך ארום איבער'ן שטוב און ווייס ניט וואָס
צו טהאָן: שטעלט איבער דעם בענקעל, ווישט אב דעם
טיש, רוקט איבער די גלאָז פון איין אָרט אויפ'ן צוויי־
טען. פערברעכט די הענט, דרעהט זיי אונטער אונטער
דער בלוזקע און זעצט זיך אוועק א בלאסע אין ווינקעל.
רחל וויל ניט צוהאלטען דעם זעקעל און שרייט:
— איך דארף געהן אין גאס! מאכען א סוד! —
פערזשמורקעט זי די אויגען און לויפט ארויס פון שטוב.
יצחק קוקט זיך איין אויפ'ן טאטען, אויף דאָבען.
וויל איהר העלפען ארייגלעגען דעם בראנפען, פרובט צו־
געהן צום זעקעל און קען ניט, געהט ער פּאמעלעך ארויס
פון שטוב...

ג.

נאָך האַלבען טאָג.

דער שטויב ציהט זיך ווי לאַנגע פּע־דים פון די דונקעלע פענסטער. פלעכט זיך דורך מיט די שטראַהלען פון דער זון, בינדט איבער די גרויסע אויווען און דערלאַנגט ביז׳ן טיר. הינטער די קליינע הייזער ציהען זיך ברייט און לאַנג זאַמדיגע פעלדער און וואַקסען אויס אין בערג. אין דאָרף איז שטיל. עטליכע בהמות גע־העז פויל און פערשלאָפען אין פעלד, שטעלען זיך אָפּ אויף אַ הויף, זוכען אַ היי, אַ פערלאָרענעם זאַנג, ציהען אויס די העלזער און מעקען גלאַט אין דער וועלט אריין. אויפ׳ן באַרג, לעבען קלויסטער פאָהרט אַ גוי. דער פערד געהט פּאַמעלעך, און דער פויער דרעמעלט, זיצענדיג אויפ׳ן אַקער, אונטער׳ן שטילען קלאַפּען פון דעם פערד׳ס טריט.

אַרום רחל׳ען האָבען זיך צונויפגעקליבען קליינע שיקסעם מיט שקצים׳לעך פון דאָרף און נייגעריג געקוקט אויף איהרע פּאַטשערקעס מיט דער רויטער סטענגע.

— דאָס איז ניט אינגאַנצען — האָט זיך רחל בע־ריהמט. — ער האָט נאָך געבראַכט, פינגערלעך אויך — האָט זי געמאַכט צו גאַר נישט דער קליינער שיקסעלע, וועלכע האָט אויסגעשטעלט דעם פינגער און געוואָלט, אַז מ׳זאָל וועגען איהר אויך ריידען.

— דו ווייסט, פון וואנען ער האָט דאָס מיר געּ
בראַכט? דיין וואסיל וועט קיינמאָל דאַרטען ניט זיין.

— אזעלכע איז דאָך ביי זיי א גאַנצע קראם — האָ־
בען די איבעריגע קינדער צוגעגעבען און אלע האָבען פער־
גאַפט געקוקט אויף רחל'ען און איהרע פאַטשערקעס.

— און וואו איז דאָס איבעריגע ? — האָט זיך א
שגץ ארויסגעכאַפּט, מעהר ניט ווי דאָס, מיין טאַטע וועט
אויך אזעלכע קויפען זונטאג — האָט ער געוואָלט פער־
שעמען רחל'ען.

— נאָך פּאַראַן — איז רחל רויט געוואָרען.

— טו בעווייז ! — זיינען די שקצים דרייסטער געּ
וואָרען.

איז רחל צוגעגאַנגען צו יצחק'ן און געפּרעגט, וואָס
איז ביי איהם אין טשעמאַדאַן.

— נאַרעלע, דאָס איז אויך גענוג — האָט יצחק זי
גענומען פאַר'ן האַנט — זאָג זיי, אז זיי וועלען אזעלכע
פּאַטשערקעס קיינמאָל ניט קריגען.

די דאָרף־קינדער האָבען זיך דערשראָקען פאַר יצחק'ן
און זיינען צולאָפען.

— זיי האָבען מורא פאַר דיר, — איז פסח ארויסגעּ
גאַנגען פון שטוב. הינטער איהם איז געגאַנגען דאָבע א
באָרוויסע און געטראָגען אונטער'ן פאַטשיילע די בראַנ־
פען.

— לאָמיר קינדער, צוזאַמען מיט דאָבען געהן —האָט
יצחק ארומגענומען רחל'ען מיט פסח'ן.

— מיר טאָרען ניט געהן — האָט פסח בעוואָרענט—
זיי וועלען דערזעהן, זאָל זי מיט זעליג'ן א פריהער אוועק־
געהן, דערנאָך וועלען מיר געהן.

רחל האָט ניט געוואָלט געהן מיט יצחק׳ן. מיט בענקשאפט געקוקט אויף די דאָרף־קינדער און געטראכט, אז יצחק וועט אוועקגעהן, וועט זי ארויסנעמען זיין געלען טשעמאדאן אין גאס און בעווייזען נאטאליען מיט סי־דארן, זאָלען זיי זעהן וואָס אינעווייניג ליגט, און זי האָט אלץ איבערגע׳חזר׳ט:

— איך וועל ניט געהן, געהט שוין, געהט שוין...

יצחק מיט פסח׳ן זיינען אוועק איבער׳ן דאָרף. די שייערען זיינען ברייט אָפען. די גוים דרעשען זייערע קער־נער, און איבער׳ן דאָרף טראגט זיך ארום דאָס קלאַפּען פון די דרעשערס. וואו־ניט־וואו געהט ארויס א גוי, א פער־שטויבטער, פערררייכערט א פּאַפּיראָס, קוקט אויף דער זון, אויפ׳ן הימעל, צעהלט די טעג וויפיעל עס וועט נאָך זיין קלאָר, וויל טרעפען פון וועלכען זייט ס׳וועט בלאָזען דער ווינט און פערטראכט זיך וועגען די לעצטע גראז פון לאָנ־קע. ער דערזעהט יצחק׳ן, פערוואונדערט זיך אויף איהם, בעקוקט איהם פון קאָפּ ביז די פיס און חזר׳ט איבער:

— ניין, ניט ישראל׳ס, מסתמא פון שטאָדט; אפשר א סוחר? — טהוט ער אָן בעסער די היטעל, געהט ארויס פון הויף און שטעלט זיך אוועק אויפ׳ן מיטען וועג. בע־גריסט זיך מיט יצחק׳ן און פרעגט:

— געקומען צו אונז?

— יא, יא, געקומען צום טאַטען און צו אייך.

— דאָס איז דאָך ישראל׳ס — טראכט דער גוי און איהם פערדריסט, למי ער האָט די היטעל אראָבגענומען פאר איהם.

— און א פּאַפּיראָס האָט דער „פּאניטש", מיי:ער איז מאחארקע — ווארפט אוועק דער גוי זיין פּאפּיראָס.

יצחק נעהמט ארוים זיין פּאַרטסיגאַר און דערלאַנגט איהם.

— מיט אַמאָל אַזוי פיעל — ווערט דער גוי צוטו־מעלט און ווייסט ניט וויפיעל צו נעהמען, בעט ער:

— זאָל דער „פּאַניטש" אַליין געבען...

פּסח שטעהט אַ צוטראַגענער, קוקט מיט קנאה אויפ'ן גוי און איהם פערדריסט למי יצחק גיט איהם דעם פּאַפּי־ראָס.

— אַט דער גזלן, דעמיאַן — שלעפּט ער יצחק'ן פאַר'ן רעקעל — ער האָט דאָך אונז גע'מסר'ט...

— שוין געקומען! — בעגריסט יצחק נאָך אַ פויער, וועלכער פאָהרט פון פעלד.

— אַהאַ, ווי הויך אויסגעוואַקסען, דאַנקען גאָט; ניט אַזאַ ווי דו! — האָט ער אַ פּוק געטהאָן אויף פּסח'ן — ווילסט ניט פאָלגען דעם טאַטען. נעהם זיי צו פון דאַנען, „פּאַניטש". דאָ וועט פון זיי גאָר ניט ווערען; די דאָרף־שקצים וועלען זיי פער'הרג'ענען, מיר איז אַליין אַ רחמנות אויף זיי... און ער זאָגט צו פּסח'ן:

— ניט געשריבען ער זאָל בריינגען אַ ליולקע! גע־דיינק, איך וועל קיינמאָל ניט נעהמען אונטערפאָהרען...

—איך וועל אַליין בריינגען, ווען איך וועל אוועק פאָהרען.

— דו פאָלגסט טאַקע ניט דעם טאַטען? — האָט יצחק געפרעגט ביי פּסח'ן און דאָס האַרץ האָט איהם אַזוי גענאָגט פונ'ם פויערס ריידען.

— איך פאָלג — האָט פּסח אַ פערשעמטער אַראָב־געלאָזען די אויגען.

— זאָגט דער גוי אַ ליגען?

— זאָלען זיי זיך נאָר אזוי ניט שלאָגען, וועט שוין ניט זיין קיין אומגליק מיט מיין ניט פּאַלגען. אַט דער זעל־בער רעמיאַן איז געקומען איינמאָל שבועות און געשלאָגען אזוי פיעל דעם טאַטען, ביז׳ל וואנען ער האָט דעם קאפּטען צוריסען. און ווען די מלחמה איז געווען... אין די גרויסע היטלען, גיב זיי נאָר... יצחק׳ן איז אומעטיג געוואָרען פון פּסח׳ס ריידען און ער האָט מיט א טיעפער ערענסטקייט אריינגעקוקט דעם אינגעל אין פּנים אריין, בעטראַכט זיינע קלאָרע באַקען, באָרוויסע פיס, צוריסענע היטעל, דורך וואַ־נען ס׳האָבען זיך ארויסגעזען די האָר פון קאָפּ. און יצחק׳ן האָט אַזוי וועה געטהאָן פאר איהם און אין דער זעלבער צייט איז ער איהם אזוי פרעמד געווען, האָט ער אלץ איבערגע׳חזר׳ט:

— מיינער א ברודער, א ברודער, א ברודער..

און איהם האָט זיך ניט געוואָלט, אז פּסח זאָל ווייטער דערצעהלען, האָט ער איהם אָבגעשטעלט אין מיטען:

— קיינער איז איצטער פון די גוים אין דער היים ניטאָ?

— אלע אין פעלד, וואסיל סווינאַבאַי איז אפשר אין דער היים א שבור׳ער.

— טאָ לאָמיר זיך זעצען דאָ ערגעץ אויף א שטיין.

## ד.

וואסיל סווינאבאי האט אנגעהויבען גנב'ענען באלד נאכ'ן טאטענס טויט, ווען ער איז נאך געווען א קליין אינגעל. די ערשטע צייט ביי זיך אין שטוב; פלעגט צונע־מען די אייער פון אונטער די הינער, ארויסטראגען די תבואה פון שייער, אדער — דעם עלטערענס ברודער גע־צייג און אוועקטראגען זיי אין שטאדט או זפערקויפען. דער נאך — ביי פרעמדע; ארייגקריכען דורכ'ן פענסטער, ווען מען איז אין פעלד, צונעהמען די קליידער, וואהל און אוועקטראגען ערגעץ און פערזעצען.

און אז מען פלעגט דער אלטער פעדארען — זיין מאמען — אנזאגען, אז וואסיל האט אימיצען בע'גנב'עט, פלעגט זי ארויסלויפען אין גאס, שרייענדיג:

— מיין זוהן זאל אזוי טאן ! דערטרינקען וועל איך איהם ! קום נאר אהער, א שטריק האב איך שוין צו־געגרייט פאר דיר !

וואסיל פלעגט צוגעהען צו איהר, אוועקלעגען זיך אויף דער ערד און פעדארע האט איהם געשלאגען מיט א שטעקען איבער'ן קאפ, איבער'ן פלייצע, ארויסגעלאזען בלוט פון נאז און וועלען איהם בינדען: דערשטיקען, איי־דער אזא קינד !...

וואסיל האט זיך ניט גערירט פון ארט, געלעגען א דערשלאגענער און געקוקט מיט אזוי פיעל דאנקבארקייט

דער מאַמען אין די אויגען, ווי ער וואָלט געזאָגט:
— איך בין דאָס ווערטה...

פלעגט פעדארע פלוצלונג שטיל ווערען. א רחמנות פלעגט איהר ארומנעהמען, און צופרידען איז זי געווען, וואָס זי האָט איהם ניט געבונדען.

און קוקענדיג אויף וואסיל'ס נעבאכדיגען פנים, שטילע אויגען, האָט פעדארען געדוכט, אז שונאים האָבען דאָס אויף איהם אויסגעטראכט, פלעגט זי אנהויבען שילטען דעם גאנצען דארף, אבגעבען זיי די לעצטע פאָר גראשען, אבי מ'זאָל צורוה לאָזען איהר קינד. און פון יעדער מאָל שלאָגען איז וואסיל אלץ איינגעבאקענער געוואָרען דער מאַמען אין הארצען, און טהייערער און ליעבער פון אַלע קינדער איז ער איהר געווען. און שטענדיג האָט זי טראכט, ווי אזוי מאכט מען, אז די גאנצע באַלעבאטישקייט זאָל בלייבען ביי איהם, נאָכגעפרעגט זיך ביי אלעמען צו א מאמע קען אבשרייבען די ירושה, וועמען זי וויל, ווען דער טאַטע לאָזט ניט קיין צואה. און איצטער, ווען וואסיל איז צוריק געקומען פון אָסטראָג, און דאס דאָרף האָט איהם ניט געוואָלט צונעהמען, איז פעדארע אליין אוועקגעפאָהרען צום גובערנאַטאר, בעטען איהם ער זאָל ערלויבען איהר זוהן צו בלייבען אין דער היים, ניט צונעהמען פון דער מאַמען איהר בעסטעס קינד און פערווארפען איהם אין ווייטען סיביר.

וואסיל האָט ניט געגלויבט אז דער גובערנאטאר וועט נאָכגעבען דער מאַמעס בקשה און געצעהלט די לעצטע טעג, וואָס איז איהם געבליבען צו זיצען אויפ'ן טאַטענס ערד. ער פלעגט אויפשטעהן אין דער פריה, ארומדרעהען זיך איבער די פעלדער, אויסמיידען אז קיינער פון די

ארבייטער זאָל איהם ניט זעהן, אריינגעהן צו לאה'ן, וועלען איהר פּערקויפען די אָקסען, אנטרינקען זיך מיט בראנפען, קומען א היים, אוועקזעצען זיך אויף דער ברייטער באַנק, קוקען אויפ'ן שטן, אויף די קליידער, וואָס ליגען צואוואָרפען איבער'ן שטוב, און מקנא זיין די ארבייטער, וואָס זענען איצטער אין פעלד.

וואסיל וואָלט אויך עפּעס געטהאָן, לאָזט אָבער ניט דער ברודער, וויל איהם אַרויסטרייבען פון שטוב און שרייבט בקשות צום גובערנאטאָר, וויל אליין בלייבען דער באַלעבאָס.

— ניין, פּערקויפען די אָקסען!...

ווערט וואסיל נאָך שטארקער אין כעס אויפ'ן ברודער. יעמאָלט וועט שוין איהם אפילו ניט אַרען, אז מ'וועט איהם אַרויסטרייבען פון דאָרף, אפילו ווייט אין סיביר אַוועקשיקען.

— מיט אַזעלכע פּלייצעס ווי איך! — האָט וואסיל דערפיהלט זיין כח און איהם האָט זיך עפּעס געוואָלט צוברעכען, ער האָט זיך אבער דערמאָנט אָן דער אלטער מאַמען. דערזעהען איהר איינגעבויגענעם רוקען, קליינעם נעזעל, ווי זי בעט זיך שטענדיג ביי איהם:

—זיי רוהיג, מיין קינד — און אַזוי האָט זי איהם אויך געבעטען פאר'ן אוועקפאָהרען צום גובערנאטאר האָט ער זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן באנק און געטראכט, וואָס זאָל ער כאָן: געהן אין שייער אויסדרעשען אביסעל קאָרן, ס'זאָל זיין אויף א קווארט בראָנפען, אָדער כאפּען א דרעמעל. און ער האָט אליין ניט געפיהלט, ווי ער איז איינגעשלאָפען.

— — — — — — — — — — — — — — — —

אין אבענד ערשט, ווען ס'איז שוין פינסטער געוואָ־

רען, האָט דער שטוביגער טומעל אויפגעוועקט וואסיליען.
אין אַנגעצונדענע קינעלקע האָט ער דערפיהלט לעבען נאָז
און די שווערעגעריין האָט געשריען:

— פרעסט זיך אַז און ליעגט — אין אַזאַ צייט!

וואסיל האָט איהר געוואָלט אראָבלאָזען דריי פרעסק,
זי זאָל זיך דריי מאָל איבערדרעהען ביז'ן קאטוף, נאָר ער
האָט זיך געפוילט. האָט זיך די שווערגערען נאָך מעהרער
פארנאַנדערגעשריען:

— אויפ'ן פארטיגען!...

וואסיל האָט איהר גאָר ניט געענטפערט, אַנגעטהאָן
אויף די אקסלען זיין רעקעל און ארויסגערוקט זיך פון
שטוב.

— געהען צו ישראל'ן? — האָט ער געטראכט —
וואָס וועט ער דאָרטען טהאָן? קיין בראנפען וועט זי שוין
מעהר ניט געבען און קיין געלט האָט ער ניט. און ער האָט
אליין ניט געפיהלט וואו ער איז אהין געקומען.

די לאָדען זיינען פערמאכט, די טיר פערריגעלט. וואַ־
סיל האָט זיך פערוואונדערט: — זאָל שוין זיין אזוי
שפעט? — און ער האָט אַנגעקלאפט אין טיר.

מ'האָט איהם ניט געעפענט, נאָר געפרעגט פון אינע־
ווייניג, וואָס וויל ער.

וואסיל האָט ווידער געוואָלט ריידען וועגען די אק־
סען. ער האָט זיך אבער שוואך און אראָבגעפאלען גע־
פילט ביי זיך און איהם האָט זיך געדוכט אז ער וועט
גאָר מורא האָבען צו געהמען זיי — האָט ער נאָר גע־
בעטען א פעקעל טיטון. דורכ'ן פענסטער האָט מען איהם
דערלאנגט די טיטון, געטרויט דאָס געלט, אבי ער זאָל
אוועקגעהן.

ה.

לכבד יצחק'ס קומען האָט מען ביי ישראל'ן פער־מאכט פון אָנהויב אבענד די לאדען פון די פענסטער, פעררוקט די טיר און קיינעם ניט אריינגעלאזען אין שטוב. אַ טישטוך אויפ'ן טיש אָוועקגעלעגט, ארויסגע־טראגען די פלעשער עסעק, מיט די חלה, אראָבגענומען די וואג און אנגעצונדען דעם גרויסען לאָמפּ. צום טיי האָט מען אראָבגענומען פון בוידעם די פסח'דיגע גלע־זער מיט די נייע לעפעלעך. און ישראל האָט אנגעטאָן זיין שבת'דיגען קאפּטען, צוקאמט די באָרד און יו"ט'דיג גע־רויכערט יצחק'ס אַ פּאַפּיראָס.

די קינדער זיינען געזעסען צופריעדענע ביים טיש און מיט נייגעריגקייט בעטראכט יצחק'ן, צוגעהערט זיך צו זיין יעדער ווארט, נאָך אמאָל איבערגעפרעגט און דער־נאָך פאר זיך איבערגע'חזר'ט.

— נו, ווי איז דיר מיין זוהן? — האָט ישראל ניט געוואוסט וואָס ווייטער צו פרעגען, נאָר איהם האָט זיך גע־וואָלט וויסען, ווי אַזוי האָט זיין קינד געלעבט אין דער ברייטער וועלט, קיינמאָל קיין קאָפּיקע פון דער היים ניט געקראגען. זאָל ער איהם דערצעהלען, ווי אַזוי ער איז אויסגעוואקסען, פון אַ קליין אינגעל — דאנקען גאָט — מיט מענשען גלייך...

— דאָרטען טרינקט מען אויך טיי — האָט יצחק אַ שמייכעל געטהאָן.

— יא, מ'טרינקט טיי, האָט זיך ישראל אביסעל פער־לאָרען און ענטשוויינען געוואָרען. געקוקט אויף יצחק'ן, בעטראכט זיין פנים, די קליידער, דערמאָנט זיך, אז אוועק־געפאָהרען איז ער פון דער היים אין אן ערגערען אנצוג פון דעם, וואָס ער טראגט איצטער און ער האָט אליין ניט געפיהלט, ווי ער פרעגט:

— וויפיעל קאָסט דיר דיין גאניטור? האָסט איהם געקויפט? אָדער אליין געמאכט?

— מאכען קאָסט טהייערער.

— און די העמדער האָסטו בעקומען? — האָט זיך אריינגעמישט לאה, געלאָפען צום באהן־הויף, קוים גע־כאפט איהם, האָט ער דיר אבגעגעבען?

ס'איז ווידער שטיל געוואָרען. די קינדער עסען רוהיג די פיש, אין שטוב איז ליכטיג, קיין גוים זיינען ניטאָ. ישראל קוקט אויף אלעמען און טראכט: אָט איצטער קען מען מיט איהם ריידען, זאָל ער דערצעהלען פון אָנהויב אָן: ווי אזוי איז ער געקומען אין אדעס, צו וועמען איז ער פערפאָהרען, ביי וועמען פלעגט ער עסען שבת ויו"ט, ער וויים אבער ניט ווי צו פרעגען.

— אַ קינד דאַרף אליין דערצעהלען דעם טאַטען, און ישראל וואַרט ער זאָל אָנהייבען. יצחק קוקט אבער גאָר אין אנ'אַנדער זייט און זיין פנים איז אזוי פרעמד דעם טאַטען.

וועגען וואָס קען ער איצטער טראַכטען? — וויל טרעפען ישראל און ער מורמעלט שטיל:

— נו איטשע, נו...

יצחק קוקט אויף דער מאַמען, אויף די קינדער, אויף זייערע נייגעריגע אויגען און פיהלט ווי די גאַנצע שטוב מאַנט ביי איהם עפּעס. די עלטערע שוועסטער דאבע, וואָס דערלאַנגט צום טיש און בעט זיך, ער זאָל מעהרער עסען, די קליינע רחל צוזאַמען מיט טאַטע־מאַמען דערמאַנען איהם אָן עפּעס אַן אַלטען חוב, וועלכער ער דאַרף זיי איצ־טער בעצאָהלען. און געוואוסט האָט ער, אז ער קען זיי צופרידענשטעלען מיט זיינע עטליכע ווערטער, האָט ער זיך פערטראַכט וועגען זיך, וועגען זיין לעבען, וואָס קען ער זיי דערצעהלען:

— זיין פּארען — בעט זיך ביי א סוחר, ער זאָל איהם נעהמען אין זיין האָטעל, דערפאַר געטראַגען זיינע פּעקלעך. אפשר דערצעהלען זיי פון דעם סוחר מיט'ן גרויסען נאָז, וועלכער האָט געקוקט דורך צוויי פּאָר שפּאַ־קולען, פון זיינע גרויסע שטיוועל מיט די לאַנגע כאַלי־ווען? — האָט יצחק א שמייכעל געטהאָן.

לאה'ן האָט אָן אומעט ארומגענומען, קוקענדיג אויף די לעדיגע טעלער און גלעזער, פערשלאָפענע קינדער. — אזוי שטיל... און די רוהיגקייט האָט איהר געמאַטערט, האָט זי זיך אבגערופען.

— לאָמיר זיך לעגען שלאָפען. ווי ניט ווערסטו נאָך האָבען היינט „געסט“; אָנגעטרונקען האָבען זיי זיך ביי ארחופ'ן, אהער וועלען זיי קומען ברעכען די פענסטער, און זי האָט זיך פערטראַכט וואו לעגט מען יצחק'ן שלאָ־פען, אבגעמאַסטען די ביינקלעך, דעם טיש, די בעט.

— געה איטשע גאָר ארויס אין גאַס, מיר וועלען זיך דערווייל אויסבעטען.

ו׳

צוזאמען מיט יצחק׳ן איז דאבע אויך ארויס אין דרויסען. אין גאס, האט זי געטראכט, וועלען זיי זיין אליין אהן טאטע־מאמען, דארטען וועט זי פאר איהם קענען אויס־ריידען איהר הארץ, ער וועט איהר פערשטעהן, פון דעם געדאנק אליין איז איהר גרינגער געווארען און א צופריע־דענע איז זי נאכגעגאנגען נאך איהם אין דער שטילקייט. דאס דארף שלאפט שוין, די הייזלעך האבען זיך אין דער פינסטער אויסגעגלייכט מיט דער ערד. פון אנהויב האט זיך יצחק אביסעל צוטומעלט; זיין אויג האט זיך אבגע־וואוינט פון אזא פינסטערניש און ער איז געבליבען שטע־הען לעבען שוועל פון הויז. דאבע האט איהם אנגענומען פאר׳ן האנט געפיהרט איבער׳ן לאנגען הויף און גע־טרייסט, אז באלד וועלען זיי צום טייך ארויסגעהן און דארטען וועט זיין ליכטיגער. יצחק האט זיך ארויסגעריסן פון איהר האנט און אליין געגאנגען. איהם איז געפעלען געווארען די אונבעשטימטקייט; איין פוס האלט מען לע־בען זיך און די צווייטע ווייסט מען ניט וואו צו שטעלען; פרובסט... פרובסט... און איהם האט זיך געוואלט, אז דער וועג זאל זיך אזוי לאנג, לאנג ציהען און ער וועט שטיל געהן...

— אט א איז שוין דער טייך — האט איהם דאבע אבגעשטעלט, — לאמיר זיך זעצען אויף די שטיינער לע־

בען וואסער, און יצחק האָט אליין ניט געפיהלט, ווי ער האָט זיך אוועקגעזעצט.

ס'איז שטיל, פון דאָרף פינקלען עטליכע פייער־לעך ארויס. ס'דערהערט זיך א סקריפּ פון די ברייטע שייער־טירען; שניידט, שניידט די שטילקייט ביז'ל וואנען ער דערטרינקט זיך אין איהר אליין. אויפ'ן צווייטען זייט טייך הויבט זיך אויף פון די לאַנקעס א נעבעל, מישט זיך צונויף מיט דער נאכטיגער טונקעלקייט און מאכט איהר נאָך געדיכטער. דריקט צונויף די הויכע בערג מיט'ן וואלד, צוזאמען מיט די קליינע דאָרף־הייזער, ברייטע פעלדער און מאכט פון דער גאנצער וועלט א קליין ווינקעל.

יצחק האָט זיך אנגעשפּארט אָן בוים, וואָס איז גע־שטאַנען לעבען איהם אין טייך, און מיט זיינע פיס האָט ער געפיהלט דעם קלאַפּען פון וואסער אָן ברעג. און איבער איהם און אונטער איהם האָט געפינקעלט דער הימעל, פול אויסגעזעצט מיט שטערען. און מיט'ן פולען אטהעם האָט ער איינגעזאַפּט די פייכטקייט פון דער ערד מיט דער ברייטקייט פון די פעלדער...

— למי שוויגסטו? — האָט זיך דאָבע ווייטער ניט געקענט איינהאלטען. דערצעהל, אזוי לאנג ניט געזעהן זיך... ווען וועסטו נאָך אמאָל קומען? דאָ איז אזוי אומע־טיג... איך קען אהין ניט קומען, דערצעהל כאָטש דו...

— וואָס זאָל איך דיר דערצעהלען? — איז יצחק'ן שווער געווען צו ריידען — אומעטום גלייך...

— נו טו איז וואָס? — האָט זיך דאָבע געבעטען ווי א קינד — וואָס האָסטו געטהאָן? האָסטו א סך בעקאַנטע? דאָ איז ניטאָ מיט קיינעם א ווארט אויסצוריידען, ווידער גוים און אבער גוים...

— איך האָב געלערענט, און אז ס'האָט דערעסען, פלעג איך אויף חדשים אוועקוואַרפען, ארומגעהן לעדיג, ניט האָבען וואוהין אריינגעהן; אזוי ארומשלעפען זיך, ארומשלעפען זיך, ביז איך פלעג ווידער אָנהויבען לער־נען; לערנע ן,לערנען, אוועקגעהן צום עקזאמען... און אז ס'האָט אַלץ דערעסען, בין איך א היים געקומען, אפשר דאָ?...

און יצחק איז ענטשוויגען געוואָרען, פערדרוקט די הענט אין בוזים און אריינגערוקט זיך אין די צווייגען פון בוים, געזוכט מיט די בליקען דעם טייך... און דאָבע האָט אַלץ איבערגע'חזר'ט:

— דו האָסט דאָך מיר גאָר ניט געזאָגט.

— וואָס זאָל איך דיר דערצעהלען?...

און די פינסטערניש האָט זיך ווי א שווערע מסה גע־וויגט איבער איהם און געוועקט בענקעניש און וועהטאָג אין זיין הארץ.

און יצחק האָט ניט געפיהלט ווי ער חזר'ט איבער:

*ש—ש—ש*...

דאָבע איז אין כעס געוואָרען פון ערגערניש און אָב־געדרוקט זיך פון ברודער. נאָך שטארקער האָט זי איצטער דערפיהלט איהר עלענדקייט. געקוקט האָט זי אויף יצחק'ן און ניט געקענט שענקען איהם זיין שווייגען, געוואָלט האָט זיך איהר אוועקגעהן, לאָזען איהם דאָ אליין זיצען.

— וויל פון מיר ניט וויסען! א פרעמדער... אליין אויף דער וועלט, א ברודער וויל ניט וויסען... און איהרע געדאנקען האָבען זיך דערנעהנטערט צום פארטאָג.

— ווידער אויפשטעהן... ווידער די בראנפען.. דער גוי... שלעפ... טראָג... פאר וועמען? — האָט זי אַלץ אי־

בערגע׳חזר׳ט און געקוקט אין דער פינסטערניש אריין.

ארויפצוצו אביסעל העכער איבער׳ן טייך האט אי־מיצער פייער אויפגעלעגט, לעבען איהם האבען זיך גע־קאפּאשעט ווי פלעקען מענשעשע קעפּ. הינטער׳ן דארף האבען געזונגען און געלאכט די נאטשליעגגיקעס און זייער הילכיג געלעכטער האט געריסען די שטילקייט, ווי ער וואלט זיך געקייקעלט איבער פעלזען. ערגעץ האט מען אנ־געהויבען שפּילען אויף א פייפעל. אומעטיג האבען זיך אויסגעצויגען אין דער לופטען די טענער, אנגעזאגט, אז דער הערבסט איז שוין דא, בעקלאגט די הוילע פעלדער און ארויסגערופען טרעהרען ביי דאבען, ווי זיי וואלטען בע־וויינט אויף איהר לעבען.

ז.

אויף מארגען, ווען יצחק האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף איז שוין געווען גאַנץ שפּעט. אין שטוב האָט מען שוין א סך ארבייט אבגעטהאָן; די אינגלעך זיינען אוועקגעגאַנגען אין פאקס נאָך בראנפען; רחל איז געשטאַנען אין גאָס און געהיט טאָמער פאַרט פּלוצלונג אַז אַן אַקציזניק. ראַבע איז אַרויס אין דאָרף מאַהנען ביי די גוים די חובות; אויב ניט מיט געלד, זאָלען זיי אַבגעבען מיט א קאַרטאפעל, א ציבעלע...

— בלוטינע אנגענומען — האָט זיי לאה ניט געקענט שענקען — און איצטער, געה בעט ביי זיי ווי א נדבה, און זי האָט זיך נאָך אמאָל געשוואָרען קיינמאָל, קיינעם כּים געבען א גראָשען אָהן געלט.

— ער מעג אפילו פּגר׳ן פאַר די פּיס...

— און יענע אבגעגעבען? ! — האָט ז יאויסגעלאָזען איהר כעס אויף א גויה, וועלכע האָט געבעטען א פונט זייף אויף בארג — איך האָב ניט פון וואַנען; פאַר געלט געהט מען צו ארחיפ׳ן, אָהן געלט קומט מען צו מיר, איך האָב ניט!

די גויה האָט זיך געשוואָרען אז זי האָט נאָך קיינמאָל ביי ארחופ׳ן ניט גענומען, שטענדיג קויפט זי ביי ישראל׳ן און געבעטען זיך, מ׳זאָל איהר געבען די זייף — אויסוואַשען א העמד אויף זונטאג.

— אַט בין איך שוי זאַין דער היים — איז יצחק געלעגען אין בעט און געטראַכט — געזעהן די מאַמע מיט די קינדער, דאַס דאַרף וואוהין זיי האָבען זיך אַריינגעקליבען, מיט'ן טאַטען גערעדט, ווייס, אז א גוי האָט געמאַכט א קראַם, נעהמט ביי זיי צו די פּרנסה, דער גלח רעדט אָן, מ'זאָל זיי אַרויסטרייבען — ניט האַלטען די פּיאַווקע. רחל איז שוין אויסגעוואַקסען, א גרויסע מיידעל געוואָרען; האָט שעהנע שוואַרצע אויגעלעך, און יצחק האָט געקוקט אויפ'ן טאַטען ווי ער מעסט א גויה קעראַסין, יענע שרייט:

— ניט דערגאַסען!

דער טאַטע שווערט אז ער האָט ריכטיג געגעבען. זי וויל אבער, מ'זאָל נאָך אמאָל איבערמעסטען. ישראל בעט זיך:

—ס'וועט זיך פאַרנאַנדערגיסען...—און פאָלגט איהר.

— אזוי געהיילט זיך... שבת אריין דער געדאַנק און זונטאג אוועקגעפאָהרען —טראַכט יצחק, איינקוקענדיג זיך אויף דער צופרידענער גויה מיט'ן פערטרויערטען טאַטען, ווי זיינע הענט טרייסלען זיך, מעסטענדיג דעם קעראַסין.

— און וואָס? פיהלט ער ווי עפּעס צושווימט פאַר זיינע אויגען און ער פוילט זיך אויפשטעהן. — וואָס וועט ער טהאָן? — ציהט זיך אוים פאַר יצחק'ן דער טאָג — די מאַמע דערצעהלט פון די גוים מיט די בראַנפען, דער טאַטע איז אין כעס, א גויה בעט זייף... גורעט ער זיך איין אין קישען און טראַכט וועגען די טעג פון וואַרשוי.
— ס'וועקט אויף דער קלונג פון טראַמוויי. די בוקעלעך ליגען שוין; אלע טאָג די זעלבע דרייעקיגע און גאָר דריי.

א גלאז קאווע שטעהט אויפ'ן טיש און יעדער מאל ווערט זי קאלט...

— אפשר פאהרען צוריק? — קריכען פויל די נע־דאנקען.

רחל איז ארייגגעלאפען אין שטוב, אנגעזאגט, אז זרח דער פאסעסאר איז געקומען.

— אין שטוב נאך ניט אויפגעראמט — האט לאה'ן פערדראסען, און אונצופרידען איז זי געווען, וואס יצחק ליגט נאך אין בעט. האט זי בעסער פערבונדען די טיכעל פון קאפ, בעקוקט די בלוזקע, צי זי איז א ריינע און גע־פרובט די ביינקלעך אוועקשטעלען אויף אן ארט, ארויס־טראגען די קעראסין.

— גוט מארגען!

— גוט מארגען!—האט זיך זרח דער פאסעסאר בע־גריסט מיט ישראל'ן אין פאר־הויז און באלד איז אריין אין שטוב א הויכער איד מיט א פאר ברייטע פלייצעס אין די זעכציגער יאהרען.

— א, א גאסט! — איז לאה רויט געווארען.

— איהר האט טאקע אן אמת'ען גאסט; אייער זוהן איז געקומען, וועלכער איז דאס, דער, וואס שטודירט?

— דער איינער איז דאך נאר געוועז אין דער פרעמד

— האט לאה א קוק געטהאן אויף יצחק'ס געלעגער — שלאפט נאך. די איבעריגע זיינען דאך אין דער היים; סיידען זעליג'ן אוועקשיקען ערגעץ אויף ווינטער...

יא, לעבען זיך טאר מען ביי היינטיגע צייטען ניט האלטען, נאך אויפ'ן ישוב..

יצחק האט ארויסגערוקט דעם קאפ פון זיין געלעגער, בעגריסט זיך מיט זרח'ן.

זרח האָט זיך אביסעל פערלאָרען, ער האָט ניט גע־וואוסט וועגען וואָס צו ריידען מיט יצחק'ן. האָט ער אויפ־געהויבען די הענט צום בארד, דערמאָנט זיך, אז ער געהט אין א מאנישקע, מיט א שווארצען שניפס און געפרעגט ביי לאה'ן, צי ס'וועט זיין ביי איהר פיש אויף שבת, זאָל זי איהם צוזאגען, וועט ער שיקען דער שיקסע. דערצעהלט, אז די גוים האָבען צובראכען דעם פלויט און צוטראטען די קארטאפעל. איצטער איז שוין ניט ווערט צו מאכען א ניי־עם פלויט; ווינטער וועלען זיי סיי ווי איהם צוברעכען און צונעמען די האָלץ, וויל ער בעסער אויסגראבען די קארטא־פעל, כאָטש ס'איז נאָך צו פריה, איז ער אהער געקומען אין דאָרף דינגען גויה'ס. זרח איז דורכגעגאנגען עטליכע מאָל די שטוב, א קוק געטהאָן צום פערד און פעררויכערט א פאַ־פּיראָס.

יצחק האָט זיך איינגעקוקט אויף זרח'ן, אויף זיינע גלאנציגע שטיוועל, מיט די שפּיציגע נעזער, קורצען שוואר־צען סורדוטעל, און געוואָלט טרעפען וואָס קען טהאָן אַזא איד אין דאָרף, אַ סוחר? מיט וואָס קען ער האנדלען? און ער האָט געפרעגט:

— איהר וואוינט ווייט פון דאנען?

— ניעט, גאספּאדין גאָלדמאן, עטליכע וויארסט אינ־גאנצען; אָט דאָ הינטער'ן וואלד. פאר 20—15 מינוט סו־מען מיר אהין אויף מיין קאשטאן.

— אַ הויף?

— אַ מאָל א הויף געוועזן, איצטער איז מען לעבען הויף.

— פיהרט איהר געשעפטען?

— דאָ זיינען קיין געשעפטען ניטאָ, אז מ'וואוינט

אבער אב זעכציג יאָהר אויף איין אָרט... דא געבוירען גע־וואָרען אין האַליעשוקער וואַלד, דער טאַטע דאָרטען גע־וואוינט. יעדער בוימעלע קען מיך... אונזערער א מענש קען ניט וואוינען אין שטאָדט, אַט דאָ וועלען מיר שוין שטאַר־בען, אונזערע קינדער זאָלען כאָטש אהין קענען קומען. אַט אזוי פריהער זייט איהר אוועקגעפאָהרען, דערנאָך וועט איהר צונעמען דעם איינגערען, און גאָר דעם יונגסטען, מיר זיינען שוין צו אַלט. אמת, ר' ישראל?

— וואָס טהוט מען אבער אין שטאָדט? — האָט זיך לאה פערטראַכט — גאָט ווייסט ווי יצחק האָט דאָרטען גע־לעבט; אפשר ניט געגעסען. דאָ גיס איך אַרויס דעם טאָפּ לאַקשען...

יצחק האָט זיך אויף גיך אָנגעטהאָן, ארויס אין גאַס, בעקוקט די קליינע בריטשקע, דעם פערד; אַ הויכער קאַש־טאַן, האַלט דעם קאָפּ פעררייסען.

— אַך וואָלט געוועזען גוט צו דורכפאָהרען זיך — האָט ער געטראַכט — ווי מאַכט מען אבער, אז זרח זאָל איהם פערבעטען צו זיך...

יצחק איז צוריק אריין אין שטוב און אַוועקגעזעצט זיך עסען.

— נו, גאָספּאָדין גאָלדמאַן, און וואָס איז מכח צו פאָהרען צו אונז? מיין קאַשטאַן וועט אייך ברייינגען איינס און צוויי, — אין הויף האָב איך צוויי און דרייסיג אזעל־כע געהאַט — צוריק אויף אבפיהרען. און אויב איהר וועט וועלען אביסעל בעקומען אַשיפּאָווקע מיט די פעלדער, וויים מיין קאַשטאַן דאָרטען אויף דעם וועג.

יצחק האָט געוואָלט אוועקוואַרפען דעם עסען און גלייך פאָהרען, ער האָט זיך אבער געשעמט פאר טאַטען־

מאמען; איהם איז געווען ניט אנגענעהם פאר זיי און ער האט אנגעהויבען שמייכלען.

— וואס וועלען זיי זאגען?

— דעם ערשטען טאג — האט לאה געפרובט ניט איינשטימען.

פאר זיך האט זי אבער געטראכט: זאל ער פאה־רען, דעם פערגעניגען וואס ער האט דא אין דער פינס־טערער שטיבעלע.

## ה.

פון קדמונים אַן איז זרח געזעסען אין פאַדליעשער הויף, געצאָהלט דעם פּריץ אַרענדע און אַליין געווען דער באַלעבאָס איבער'ן הויף; געהאָדעוועט בהמות, פערד, געבויט שטאַלען, געבראַכט אַלערליי מאַשינען און געלערענט די פּאַרעבקעס ווי צו אַרבייטען מיט זיי.

אַז דער אַלטער פּריץ איז אָבער געשטאָרבען און דער הויף איז איבערגעגאַנגען צו זיינעם אַ פּלימעניק, וועלכען מ'האָט אַראָבגעבראַכט פון הינטער ליובלין, האָט דער יונגער פּריץ פּעררופען צו זיך זרח'ן אין רעכטען שניטצייט און געזאָגט איהם אַז ער האָט געזוכט אין אַלע פּאַפּירען, וואָס דער פעטער האָט געלאָזען, אויפגעעפענט די צוואה און אין ערגעץ האָט ער ניט געפונען אויף וויפיעל יאָהר איז פּערדונגען דער הויף און וויפיעל זרח צאָהלט.

— מיין פעטער איז געווען אַן אַלטער מאַן, קיין קינדער ניט געהאַט, געוואָלט לעבען רוהיג, האָט איהם ניט געאַרט, וואָס פרעמדע באַלעבאַטעוועןן איבער זיין פערמעגען, איך וויל אָבער האַלטען דעם הויף פאַר זיך. פאַר די פערד מיט די בהמות האָט דער יונגער פּריץ צוגעזאָגט צו בעצאָהלען זרח'ן, אפילו לאָזען איבערווינטערען. די זריעה מוז אָבער צו איהם געהערען. זרח האָט איהם גאָר ניט געענטפערט, געשטאַנען לעבען פענסטער, געקוקט אויף איהם און געשוויגען. דאָס האָט דעם יונגען פּריץ נאָך מעה־

רער ארייננעבראכט אין כעס און ער האָט אָנגעהויבען שרייען, אויב זרח וועט איהם ניט פערקויפען דעם אינ־ווענטאר, טרייבט ער איהם אַרויס גלייך פון הויף און לאָזט איהם קיין זאך ניט נעהמען.

זרח האָט אַלץ אויסגעהערט, גאָר ניט גע־זאָגט, אַרויס אין דרויסען, צונויפגערופען די פּאראבקעס פון די פעלדער, בעצאָהלט די טאגארבייטער און אוועק־געשיקט זיי א היים. געהייסען צונויפטרייבען די פערד פון אַלע פּאָלוואַרקעס אין גרויסען הויף אריין. און אַליין איז ער אוועקגעפאָהרען מיט די אַלטע קאָנטראַקטען אין פּעטערבורג צו א גרויסען אדוואָקאט.

— — — — — — — — — — — — — — — —

ווען זרח איז געקומען פון פּעטערבורג האָבען אויף איהם פון דריי טעג געוואַרט סוחרים, בעקוקט די בהמות, געשאַצט די פערד, געגעבען אבטרעט געלד איינע די אנ־דערע.

און אַז זיי האָבען דערזעהן זרח׳ן, ווי שוואַרץ און פערראָזמעט ער איז געוואָרען פאר די עטליכע טעג, דעם פּולען הויף פערד, די וועגעלעך היי, וואָס מען קויפט ביי די גוים פאר זיי — זיינען די סוחרים נאָך טקיף׳ער גע־וואָרען ביי זיך און מעהר ווי צו פינף און צוואַנציג רובעל ניט געוואָלט געבען פאר א שטיק.

זרח איז ארומגעגאַנגען איבער׳ן הויף, געקוקט אויף די פערד, אויפ׳ן גלאַנץ פון זייערע פעל, הויכע פיס, פער־ריסענע קעפּ און ניט געקענט זיך שענקען.

— זיינע פערד זאָל ער פערקויפען אויף משא; זאָגט פיהרען, צו פינף און צוואַנציג רובעל א שטיק! פינף און צוואַנציג וועלען זיי מיר געבען! איז ער אין

כעס געוואָרען, צוגעגאַנגען צו די סוחרים, ארויסגענומען פון זיין גרויסען פּאַק אַסיגנאַציעס עלטערע פינף און צוואַנציגער און צוריסען זיי פאר אלעמען אין די איוגען.

— פינף־און־צוואַנציגער וועט איהר מיר געבען! פאר מיינע דרייהונדערט־רובעלדיגע זשערעבצעס! און ער האָט דורכגעטריבען די סוחרים פון הויף. דערנאָך האָט אָבגערונגען ביי די גוים עטליכע דעסיאַטין פעלד, ארומגעצאַמט עס און געלאָזען דאָרטען די פערד; פאר די בהמות אויפגעקלאַפּט פון ברעטער א שטאַל, ארויפגענומען זיי אויף קייטען און געפיהרט פאר זיי בריהע, אליין האָט זיך זרח אוועקגעלאָזען זוכען אַן אַנדער הויף.

דער ווינטער איז אין יענעם יאהר געווען א קאַלטער. באלד נאָך סכות איז ארויסגעפאַלען א גרויסער שנעע און צוליעב'ן שנעע האָט מען ניט געקענט ברייגנען פאר די פערד קיין קאָרם, האָבען זיי אָנגעהויבען קריינקען פון הונגער און קעלט און די בהמות זיינען אָבגעפאַלען אויף די פיס. האָבען זיך די גוים דערשראָקען פאר זייערע פיה, זיי זאָלען זיך ניט אָנשטעקען, זיינען זיי אוועקגעפאָהרען און דערצעהלט דעם אסעסאָר.

און קיין הויף האָט זרח ניט געפונען; מעהר ווי אויף פינף יאָהר האָט קיינער ניט געוואָלט מאַכען קיין קאָנטראַקט. אויף פינף יאָהר האָט זרח ניט געוואָלט נעהמען קיין הויף; היינט אריינקלייבען זיך און מאָרגען זאָל מען ארויסוואַרפען .... און ער האָט ניט געהאַט, וואוהין צוצונעהמען די פערד, איז אָנגעקומען א בעפעל,

אז מ'זאל די פערד מיט די בהמות הרג'נען און בעגראבען, די פעל אפילו ניט לאזען אראבנעהמען.

האט זיך זרח אריינגעקליבען אין שטאדט, אבגע־וואהנט א יאהר און גאר ניט געטהאן, מורא געהאט די געלד אריינלייגען אין א געשעפט;

— לאזען אויפ'ן ווינד, טאמער קויפט מען ניט?

ב׳ וואס וועט בלייבען זיין איינציג קינד; קען נאך ח"ו אהן א גראשען אבשטעלען זיך... פלעגט בייטאג אריינגעהן אין בית המדרש, זיצען, זיצען, הערען ווי אידען ריידען, וועלען אליין עפעס זאגען, און ניט וויסען וואס און אוועק־געהן אהיים. אדער אריינגעהן צו אן אדוואקאט, בעצהלען איהם צעהן רובעל, ווייזען זיינע פאפירען פון הויף און פרעגען!

— וועט נאך עפעס זיין? ...

און מעהר ווי א יאהר האט ער ניט געקענט זיין אין שטאדט, צוריק אומגעקעהרט זיך אין פאדליעשוק, אויס־געבויט אויפ'ן מיטען פעלד לעבען וואלד א שטוב, גע־דונגען א פאר צעהנליג דעסיאטין פעלד ביי די גוים, גע־נומען א פאראבאק מיט א שיקסע זיי זאלען בעארבייטען די ערד. און אט־דא־א הינטערן געדיכטען וואלד, אויף'ן גאנעק פון דער נייער שטוב האט יצחק'ן בעגעגענט חנה — זרח'ס ווייב — מיט זייער איינאיינציגער טאכטער — אסתר. פון צוועלף קינדער איז מעהר ניט געבליבען ווי איין אסתר — די מוזשינקע, פינף זין זיינען געשטארבען, ווען זיי זיינען שוין אויסגעוואקסען געריטען אויף פערד, ארויסגעפאהרען צו די ארבייטער אין פעלד, און די אי־בעריגע זיינען געבוירען געווארען צו צווייליגג און גאר ניט אויפגעהארעוועט זיך.

אין שרעק און אין ציטער האָט מען אסתר'ן געהאַ־דעוועט; חנה האָט א ספר־תורה געלאָזט שרייבען אויף איהר נאָמען און אמאָל, ווען מ'איז נאָך אין הויף געוועז, פלעגט מען אלע ערב שבת ארויסשיקען א פאָר פערד, אויפ־קלויבען די אָרימע לייט, וואָס געהן ארום איבער די דער־פער, מ'זאָל קענען דאַוונען מיט א מנין. ראש השנה און יום כפור פעגט זרח אויף אייגענע הוצאות ברייננגען א בעל תפילה, צונויפפיהרען מיט זיינע פורגאנעס די ארומיגע ישובים, אבהאלטען זיי דעם יו"ט און דערנאָך זיי אַוועק־שיקען מיט די אייגענע פערד א היים.

— א בעזונדער קאמער האָבען מיר פאר דער ספר תורה געמאכט — און זרח האָט אריינגעפירט יצחק'ן אין אַ פינסטערען חדר — מ'נעהמט זי אָבער קיינמאָל ניט פאר־נאַנדער, קיין מנין ניטאָ; אפילו אָרימע לייט קומען שוין אויך אהער ניט... — האָט זרח אַ שמייכעל געטאָן.

— איך וויל זי אָבגעבען אין שטאָדט אין אַ בית־המדרש, די אַלטע לאָזט אָבער ניט; צוזאמען מיט אסתר'ן וויל זי איהר אָבגעבען...

און נאָך דעם ווי זרח האָט בעוויזען יצחק'ן זיין גאַנ־צע שטוב, האָט ער איהם אריינגעפיהרט אין גאָרטען. דאָר־טען האָט שוין געוואַרט אויף זיי דער סאמאָוואר מיט גע־בעקס, און אסתר — א יונג שווארץ מיידעל, מיט א לאַנ־גען צאָפ — האָט דערלאנגט צום טיש.

— אָט דאָס איז מיין טאָכטער! — האָט זרח נאָך אמאָל פאָרגעשטעלט זי פאר יצחק'ן, ווי ער וואָלט גע־וואָלט אַז יצחק זאָל זי בעסער בעמערקען.

— די עלטסטע און די אינגסטע — האָט חנה אַ זיפץ געטהאָן.

— האָדעוועט זיך אויפ'ן דאָרף; אהער אויך אַראָבגעבראכט די בעסטע לערנער; געוואָלט אפילו זי זאָל ענדיגען, געהאט אבער מורא פאר איהר געזונד.

— זי וועט זיך אויסגלייכען מיט די „געענדיגטע״ — האָט חנה מיט שרעק געקוקט אויף איהר קינד.

— איך האָב אייך גאָר ניט געקענט — האָט יצחק געוואָלט אבווענדען דעם שמועס אויף אנ'אנדער זאך — מעהר ניט געהערט; פון אייער טאָכטער אפילו ניט געוואוסט.

— איהר זייט דאך אין שטעדט געווען — האָט אסתר אראָבגעלאזען איהרע לאנגע שווארצע ברעמען.

— יאָ נאָך אַן אינגעל אוועקגעפאָהרען.

— אז מיך וואָלטען טאטע־מאָמע געלאָזט וואָלט איך אויך אַוועקגעפאָהרען.

— דו וועסט פאָהרען, מיין קינד, ווארט, טאָטע מאָמע זיינען שוין אַלט, וואָס דאָ אין וואלד ווען מיר דיך לאָזען? — האָט חנה אבגערופען זיך.

אסתר האָט זיך פערשעמט, זי האָט פערשטאָנען אז חנה מיינט מיט דעם אַ חתן און איהר האָט געדוכט, אז יצחק האָט דאָך אויך פערשטאַנען, איז זי אין כעס געוואָרען אויף דער מאמען אוועקגעגאנגען אין שטוב און אוועקגעזעצט זיך אין קיך.

— מ'טאָר ניט וואָהנען אין דאָרף — האָט זרח ווייטער גערעדט, פעררויכערענדיג אַ סיגאר, — אמאָל איז געוועזן דער איד דער באַלעבאס, געהאלטען דעם דאָרף אין ארענדע, מיט אַ צובער בראנפען אלץ אויסגעפיהרט... איצ־

טער זיינען גאר אנדערע צייטען. אסתר האָט ניט גע־
וואָלט ארויסגעהן פון קיך, סיידען די מאמע זאָל מעהר ניט
ריידען וועגען חתונה האָבען. חנה האָט איהר צוגעזאגט און
בערוהיגט, אז זי האָט גאר ניט געמיינט און יצחק האָט
ניט פערשטאַנען, און אַזוי לאַנג איינגערעדט אסתר'ן ביז
וואנען זי איז צוריק ארויסגעגאנגען אין גארטען.

יצחק האָט זיך איינגעקוקט אויפ'ן געדיכטען וואלד,
אויף די ברייטע פּעלדער, אויף אסתר'ן, אויף איהר פריי־
ער פיגור, קלאָרען האלז און איהם איז געווען אַזוי גוט
צו קוקען אויף זיי. געוואָלט האט ער זיי דאָס זאגען, גע־
רערט האָט ער אָבער וועגען אנדערע זאכען, וועגען לאנ־
גען טיש, וועגען זייער פּאַהרען און לאנגזאם געטרונקען
טיי.

## ט.

ווען יצחק איז געקומען א היים, איז שוין געווען נאכט. אויפ'ן טיש האָט געברענט א קליין לעמפעל, ארום זיינען געזעסען עלטערע גוים, געגעסען וואורשט מיט ברויט און בגנבה אויסגעטרונקען א גלעזעל בראנפען. — ישראל האָט זיך ארומגעדרעהט א צוטראָגענער ארום זיי, ארייגגעקוקט אין פענסטער, צוגענומען די גלעזער פון טיש און אבגעגעבען רחל'ן זי זאָל אויסשווייינקען.

— דאָברע ביטשקי — האָט טאראס געלויבט באַזילס אקסען, וואָס ער האָט נעכטען פערקויפט און וואָס צוליעב דעם טרינקען זיי היינט באריש — פאר די געלד וועסטו קויפען אויף זומער א טהייערען פערד און וועסט ניט דארפען האלטען די „דארמאָיעדניקעס" א גאנץ ווינטער.

— גערעכט, גערעכט, ברודערקע! — האָט באזיל גוטמוטהיג געענטפערט, און פאר זיינע אויגען האָבען ארומגעשוועבט די שווארצע אידלעך, — די קאניוכעס, אין די לאנגע פלאסטשען, וואָס האָבען זיך נעכטען ארומגעדרעהט ארום זיין פוהר; און ס'האָט איהם פערדראָסען למי ער האָט ניט גענומען ביי יאנקלען נאָך א האלבע קוואָרט, ער וואָלט געוויס געגעבען...

— אָבער אויסגעטרונקען — האָט ער צופרידען צוגעגעבען און געבעטען ביי ישראל'ן נאָך א האלבע קווארט,

באפּענדיג זיך ברייט צום קעשענע נאָך געלד. אייגענטליך איז באזיל נאָר געקומען אויסטרינקען א האלבען קרו־טשעק; א גאנצען טאג שלעכט געפּיהלט זיך נאָכ'ן נעכ־טיגען טרינקען; אומעטיגליך געווען...

דאָ האָט ער געטראָפּען טאראסען, פארביידען גע־נומען; א שכן — אפשר וועט ער אמאָל אין עפּעס ארויס־העלפען, ברײנגען פון וואלד, צוטרייבען א בהמה... אויס־טרינקענדיג דעם ערשטען קרוטשעק, איז געבליבען פון פערבייסען וואָס מ'האָט ביי לאה'ן אויסגעבעטען אומזיסט. געזשאַלעוועט לאָזען... א שאד...

— אליע פּראוודא — האָט צוגעגעבען טאראס — ס'איז נאָך פאראן צו פערבייסען און זיי האָבען גענומען נאָך צו קרוטשקעס. דערנאָך האָט זיך נאָך פערוואָלט, און איצטער טרינקען זיי שוין די צווייטע האלבע קווארט. און ביי באזיליען פינקלען די אויגען.

— אפשר נאָך איינע, א גאנצע קוואָרט — דרעהט ער זיך פון איין אָרט אויפ'ן צווייטען, צעהלענדיג דאָס געלד.

— א האלבע! — האָט ישראל געזאָגט צו זעליג'ן, וועלכער איז געשטאַנען אין פאָרהויז.

— און פאר מיר א „הונדערטער" — האָט לאה צו־געגעבען — א „גאַנצען" און א „האלבען הונדערטער" און דו, ישראל, האָסט שוין גאר ניט ביי זיך? — האָט זי ווייטער געדעדט — טו נעהם אריין נאָך א פּאָר פאר'ן „אָבי", וועט ער דאָס האלטען אין קעשענע. זעליג איז אריין אין שטוב און געזאָגט אז קיין בראנפען איז שוין מעהר ניטאָ אין שפּייכלער. איז דאָבע אוועקגעגאנגען צום גוי, ביי וועמען מ'בעהאלט, אריינגעהמען נאָך, און פּסח

איז ארויס אין גאס היטען, טאָמער אַז אקציזניק וועט אָנפּאָהרען.

אין שטוב ווערט טומעלדיגער, ס'קומען צו מעהרער גוים; ס'איז אריינגעלאָפען פּעטרוש — א גוט־מוטהיגער גוי, מיט שטענדיג פערטרערענטע אויגען פון טרינקען. ניט לאנג געקומען פון פעלד, שווער געאקערט. קען זיך ניט זעצען עסען, ביז'ל ער וועט ניט אבנעצען די ליפּען. געזאָגט ישראל'ן א סוד, גענומען ביי איהם א קרו־טשעק, אויסגעטרונקען און אנטלאָפען א היים. ביים טיש שטעהט האליאש און בעט א קרוטשעק בראנפען; ער האָט צונויפגעקליבען די אייער פון שטוב און פערקויפט, אויסגעזוכט די לעדיגע פלעשלעך פון בראנפען, צוגע־גנב'עט ביים קליינעם שגץ דעם פּיהרער, וואָס א דורכגע־הער האָט איהם נעכטען געלאָזען און ווי ס'איז צונויפ־געשלאָגען אויף א גלעזעל בראנפען. לאה גיט איהם אבער ניט, האָט מורא פאר זיין ווייב, וועלכע ווערט צוויי מאָל א יאָהר משוגע פאר עגמות נפש, שילט מיט טויטע קללות פאר וואָס מ'פערקויפט איהר מאן בראנפען און לויפט צו די אקציזניקעם מסר'ן אויף ישראל'ן. שרייט לאה אויף האליאש'ן, זידעלט איהם פאר אלעמען אין די אויגען און מוסר'ט, ער זאָל זיך דערמאנען אַז זיינע קליינע קינ־דער, וואָס איז פון שטויב געוואָרען.

— ניין, איך וועל ניט געבען, דערנאָך זאָל זי מיך שילטען מיט מיינע קינדער.

און אז האליאש וויל פאָרט ניט אוועקגעהן, פרעגט לאה ביי ישראל'ן:

— אפשר נתן'ען ?

— דאָס איז דיר אינדערפריהדיגע תרנגל ? — פער־
גלאַנצט ער די אויגען.

אויפ'ן באַנק זיצט סטעפאַן, א נידריגער גוי, מיט א ברייטער שוואַרצער באָרד, און קוקט פערבייזערט אויף אַלעמען. ביז ניט לאַנג געווען „סטאַרשינא". פון יעדערען געקראַגען א גלעזעל. אמאָל א טובה יענעם געטאָן, אן אנ־דערער האָט געדאַרפט אנקומען צו איהם אָדער מ'האָט זיך געשראָקען, ער זאָל זיך ניט צוטשעפּען, און ס'איז שטענ־דיג געווען אביסעל בראַנפען. איצטער איז ניטאָ מיט וואָס די ליפּען צו בענעצען. ער ווייסט אז קיינער וועט איהם שוין גאָר ניט געבען. ער קען אבער אין די אבענדען ניט זיצען אין דער היים און איהם ציהט אזוי צו ישראל'ן, אז ער קען קיין זאך ניט טהאָן. דרעהט ער זיך ארום ביי ישראל'ן אויפ'ן הויף, קוקט אין פענסטער און רוקט זיך אריין דער־נאָך אין שטוב, זעצט זיך אוועק אויף זיין שטענדיגען ארט אין ווינקעל, לעבען טיש.

— דו ווערסט ניט געבען ? — חזר'ט ער איבער פון צייט צו צייט צו ישראל'ן — ווארט, ווארט... איך וועל צו־ריק ווערען, וועל איך דיר בעווייזען. און סטעפאַן וויל טרעפען למי איז דאָס פריהער אנדערש געווען, נאָר א זאָג געטהאָן...

אויפ'ן צווייטען זייט טיש פערבייסען גוים. ניט לאַנג אויסגעטרונקען גרויסע גלעזער בראַנפען, ריידען שטיל און גיך:

— אז מ'וואָלט דאָס פאַר איינמאָל געקענט.
— אָהא ! — ענטפערט א צווייטער.
— מ'דאַרף אויפשטעהן ביז'ן אויפגאַנג.
— ניט יענער קאַרטש !

און זיי היילען זיך צו די פערד.

דורכ'ן פענסטער קוקט אריין סאמוש; היט אב וועז די גוים ווען אוועקגעהן. פון טאטען איז איהם געבלי־בען א האלבער גרונט ערד, דריי בהמות און צוויי פערד מיט שעפסען, געפוילט זיך בעארבייטען. האט ער די פעל־דער פערדונגען, די פיה פערקויפט און דאס געלד פער־טרונקען. קומט א היים א שכור'רער און שלאגט דער ווייב. איז זי אנטלאפען צו איהר טאטע־מאמען, איצטער האט ער גע'גנב'עט פון שעדעלא א הענדעל, וויל פאר איהם קריי־גען א קרוטשעק. נעהמט ניט אראב די אויגען פון לאה'ס פנים, וויל טרעפען צי זי וועט געבען.

— אפשר יא, — ווערט איהם גרינגער אויפ'ן הארצען.

פאר לאה'ן פערענטפערט זיך לאוורען, פאר וואס ער האט זיך נעכטען געזידעלט, געכאפט זיך שלאגען, צובראכען גלעזער...

— „דאל בוק פאניא בול" — בעט ער זיך, זי זאל איהם געבען אויף „פארמעליע".

לאה'ס פנים איז ערנסט און זי ענטפערט ניט לאוורינען. זי וויים, אז ער איז א כשוף־מאכער, ער האט נאטאליען פערשאלטען; ביי סעמיאנען איז משוגע געווארען דער שגץ און גע'פגר'ט אן אקס, ווייל ער האט זיך אנגעהויבען מיט איהם.

לאה האט אבער איינמאל בעשלאסען, זאל ער טהאן, וואס ער וויל — זי וועט מעהר ניט געבען.

— איזראביש, איזראבי — פערכאפּט זי אליין — איך וועל ניט געבען.

— מאַיא מיליענקא — בעט זיך לאווּרען און וויל איהר אַ גלעט טהאָן. לאה האָט מורא און כאַפּט זיך אָב צוריק, אפשר דארף ער דאס האָבען צום כשוף.

מיט ישראל'ן דינגט זיך היליארקע, דאָס ווייב גע־שטארבען, היינט דער דרייסיגסטער טאָג, דארף ער האָ־בען בראנפען, נעהמען צוביסלעך מיט די שכנים. מ'איז ניט אליין, דאנקען גאָט פארהאָן פריינד, געהען אין שטאָדט איז ניטאָ קיין צייט.

— נעהם איינע און הונדערט איז ביי מיר אלץ איינס — ענטפערט ישראל.

— אַ קלייניגקייט, אכט גראָשען פון פלעשעל — שאָקעלט היליארקע מיט'ן קאָפּ.

— טו נעהם ניט, למי רעעכנסטו ניט, וואָס ס'צו־ברעכט זיך, וואָס מ'נעהמט צו און וואו זענען אקציזני־קעס ?

יצחק קוקט אויף די גוים ווי זיי עסען און שרייען, אויף די שטוּביגע, ווי זיי ארבייטען געשווינד, און אין קאפּ מישט זיך צונויף ביי איהם דער טומעל פון שטוב מיט דער שטילקייט פון פּאדליעשוק, און ער ווייסט אליין, וואָס איז מיט איהם. ווי אַזוי איז ער אריינגעפאלען אהער. עפּעס פלוצלונג...

שווער איז איהם איבערעכענען די צייט, וואָס ער איז אי ןדער היים ; איינגאנצען צוויי טעג און אַזוי לאנג...

אַט האָט ער אבגעשטעלט זיין בליק אויף דער מאמען, ווי זי וועגט חלה, ווי פלינק זי כאפט אראָב די וואג, שטעלט אוועק אן אנדערע, ווען יענער הייבט אָן שרייען, אַז זי האָט אָבגענארט און מיט זיכערקייט דערוויזט זי, אַז ס׳איז ריכטיג. שווערט מיט אזא אונטערטעניגען קול, אז זי וויל יענעם׳ס ניט; און איהרע אויגען זיינען יעמאלט אזעלכע גנב׳ישע, דערשראָקענע.

— נו, ס׳דערציהט ניט? האלט זי מיט׳ן האנט די וואג, ציהט אזוי אויס דעם פינגער, יענער זאָל מיינען אז זי ווייזט נאָר אָן.

יצחק קוקט און פערשטעהט ניט וואָס דאָ קומט פאר. איהם ווילט זיך פרעגען:

— צו וואָס טהוט זי דאָס?

נאָר פלוצלונג דערזעהט ער איהר רויטען פנים, די אויגען, און ער וויל שוין ניט פרעגען. און ער פערשעמט זיך... איהם טהוט וועה און ער שרעקט זיך, וויל ער צוגע־העהן צו דער מאַמען און זאָגען איהר:

— מאַמע טהו דאָס ניט...

דער גוי נעהמט צו די חלה, עסט זי מיט אזא אפּעטיט, קלייבט צונויף יעדעס ברעקעל און ווארפט אין מויל אריין, קוקט אזוי טעמפּ אויף יצחק׳ן. קען יצחק אויף ביי־דען ניט קוקען, ניט אויף דער מאמען און ניט אויפ׳ן גוי, וויל זיי גאר ניט זאָגען, לאָזט זיי אין שטוב און געהט ארויס אין גאס.

פּסח איז ארומגעגאנגען אין א לאנגען פּלאסטש, א בארוויסער איבער׳ן גאס. א פייכטער ווינטעל האָט גע־

בלאָזען איבער זיינע האָר. די לבנה, א דינע, ווי א האלבער רייפעלע האָט זיך ארויסגעשניטען פון הינטער די בערג און געוואָרפען איהר שיין אויף זיין פּנים.

אין דער שטילקייט פון דער נאכט האָט פּסח פערגעסען אָן אקציזניק און א צופריעדענער ארומגעלאפען איבער'ן גאס, געשפּיעלט זיך מיט'ן זאמד, אנגעשארט איהם אויף די פיס און פערדעקט זיי ביז דיביינדלעך, געוואָרפען שטיינער, געוואַלט איבעריאגען זיין שטן און אנטלויפען אויף די פעלדער, וועלכע האָבען איהם געמאניעט צו זיך מיט'ן בליאסק פון זייער ברייטען שטח. ער האָט אויפגעהויבען די אויגען צו דער לבנה און געשריען אויף איהר. פּלוצלונג פערטראכט זיך ווי זי פערבעהאלט זיך אין די שטיקלעך וואָלקענס, און ווי פלינק זי רוקט זיך ווידער ארויס...

— דו האסט גאר קיין מורא ניט אליין צו זיין דאָ?

— איז יצחק צוגעגאנגען צו פּסח'ן.

— געה אין שטוב אריין.

— איך מורא האָבען! איך וועל דיר ביינאכט דורכגעהן דעם גאנצען דאָרף אליין, אפילו אונטער'ן בריק — און פּסח האָט אראָבגעוואָרפען פון זיך דעם בגד און אנגעהויבען ארומלויפען הין און צוריק.

— טאַקע האָסט גאר קיין מורא ניט?

— איך האָב גענעכטיגט אונטער'ן בריק.

— ווי אזוי?

— בראנפען בעהאלטען, אין וואלד אויך גענעכטיגט!

— אין וואלד אויך! ביזטו דאָך גאר א גרויסער בחור.

— דער אקציזניק האָט אונז געוואָלט כאַפּען, בין איך אנטלאָפען, און אין פּערד! און אין פּערד... איך מיט מיין „פּאדלעטשקע“, קוים וואָס זי שלעפּט די רעדער און ער מיט זיין פּאָר פּערד האָט מיך ניט דעריאגט. אויפ׳ן פּאַרטאָג איז ערשט געקומען דער טאַטע. א גאַנצע נאַכט אליין אָבגעשטאַנען אין וואַלד. געלעגען איינגענור־רעט אין וואָגען. אין ערגעץ ניט איינגעקוקט זיך, נאָר איינ־געהערט זיך ווי די צווייגען שאָקלען זיך, ריכטיג ווי מענ־שען וואָלטען געגאַנגען.

— אָבער יעמאָלט האָסטו זיך שוין געשראָקען?

— ניין, אויך ניט — ווערט פּסח שטילער. יצחק קוקט אויף פּסח׳ן, ווי צוטראָגען ער איז, דער פּנים א דער־שראָקענער און א פּעראומעטיגטער, וויל ער איהם מיט עפּעס דערפרעהען, זאָגט ער:

— איך וועל דיר גאָר צונעמען צו זיך; ווילסט פּאָה־רען אין וואַרשוי? דו וועסט ניט בענקען נאָך די בראַנ־פען?

פּסח האָט זיך איינגענורעט אין יצחק׳ן און אליין ניט געוואוסט, וואָס צו ענטפערען פאר פרייד. איהם האָט זיך ניט געגלויבט, אז ס׳וועט טאקע זיין אזוי, כאָטש ער האָט געוואוסט, אז יצחק וועט איהם געווייס צונעהמען פון דאַנען, ווייל וואָס וועט ער אנדערש טהאָן?

דערנאָך האָט ער א קוק געטהאָן איהם אין פּנים און איבערגעפרעגט:

— דו וועסט מיך טאקע צונעהמען? מיר וועלען פערדיענען געלד און שיקען דעם טאַטען ער זאָל ניט דאַר־פען פערקויפען קיין בראַנפען...

— יא, יא, — האָט יצחק איהם שטאַרקער צוגע־

דריקט צו זיך און איהם האָט פערדראָסען למי ער האָט געשפּאסט. איהם איז שווער געווען ווייטער צו זיין מיט פסח'ן אין גאס. ווי א שולדיגער האָט ער זיך געפיהלט, און ער האָט איהם אריינגערופען אין שטוב.

די טירען פון שטוב זיינען אָפען, און אין דער הויף, איבער די גוים'ס קעפּ הייגגט ווי א נעבעל דער פּאַפּיראָסען רויך. די גוים שרייען און טומלען. און אָט האָט זיך ארטאן, אָ גוי אין א הויכער פּאַפּאַחע, וואָס איז איהם געבליבען פון דער מלחמה איינגעשפּארט זיך:

— ניין, דו האסט ניט געגעבען ריכטיג! און ער הייסט לאה'ן צונעהמען די הענט — לאָז אויסגלייכען די וואָג!

לאה שטעהט א דערשראקענע, איהר פּנים איז רויט, אין קאָפּ איז א שרעקעדיגער געדאנק:

— באלד וועט לויפען די גירע איבער איהר... זי וואָלט שוין אבגעטראָטען, נאָכגעגעבען איהם, זי קען אָבער ניט. עפּעס א געפיהל לאָזט איהר ניט אָפּ און טרייבט ווייטער פערענטפערען זיך:

— ניט ריכטיג? און זי קוקט זיך ארום, צו אימיצער איז ניטאָ דערביי, וואָס זאָל איהר פערהיטען.

פאר די אויגען זיינען נאָך פערביסענע בעס'דיגע גוים, קוקען אזוי פרעמד און מיט אזוי פיעל רציחה. און זיי רוקען זיך אַלץ נעהענטער צו צום טיש, גיבען ארטאנגען צו מעהרער מוטה.

— ווינציג שלעפּט זי ארויס פון אונז?!

— אונזער בלוט טרינקט זי!

— פון וואנען לעבט זי, אויב ניט אבנארען אונז! — שרייען די גוים.

ישראל לויפט צו א צוטראָגענער צום טיש, ווערט אין כעס אויף לאה'ן.

— באק גאָר קיין „ווייצענע“ ניט, איך קען ניט האָרעווען אויף א פרעמדער וועלט...

און ארטאַן שרייט אלץ:

— איך וועל דיר בעווייזען! ניט דאָ איז די זאך! א וואג — איז א וואג! וואָס נארסטו מיך אב?!

דאבע איז אריין אין שטוב, רחל האָט זיך ארויסגע־רוקט א פערשלאָפענע, אוועקגעשטעלט זיך לעבען טיש, קוקט פערגאפט אויפ'ן טאַטען, אויף די גוים און פרעגט:

— וואָס וויל ער?

קען זיך ניט פארנאַנדערקלייבען, צי ס'נאָך דער זעל־בער טאָג, אָדער ס'האָט זיך שוין אָנגעהויבען א נייער.

לאה האָט זיך אבגערוקט א בלאסע אין א ווינקעל, מיט ארטאנען טענה'ט זיך אוים דאבע, וויל איהם געבען א חלה מיט א הערינג.

— ניין! — מאָהנט א צופרידענער ארטאַן — גיב נאָך אויסטרינקען, א קלייניגקייט אזא זאך! ישראל וואָלט איהם שוין געגעבען, האָט ער אבער מורא, ער זאָל ניט אוועקפאָהרען מיט דעם מסר'ן, בעט ער זיך:

— איך האָב ניט, איך האָב ניט, ארטאנקע, צי דען וואָלט איך דיר געזשאַלעוועט? אויף וואס האלט איך בראנפען, אויב ניט צו פערקויפען.

— ווי דו ווילסט קויפען — כאפט זיך אונטער דא־בע. זיינען מיר נאָך טויזענד מאל צופריעדענער צו פער־קויפען.

— נײן, גיב ! — שרײט ארטאן.

— אויף וואס דארף מען דיר, אויב דו ווילסט ניט פערקויפען ? ! — העלפען די איבעריגע גוים.

— ווארט, ווארט, איך וועל כאפען. אז אנדערען וועסטו פערקויפען, — וויל זיך איצטער אברעכענען סטע־פאן מיט ישראל׳ן, פאר וואס ער האט איהם ניט געגעבען א גאנץ אבענד קײן בראנפען — אין שטארט אוועקגעהן, געפינען וועמען צו זאגען...

— טו וואס זיצסטו דא ? ! — קען זיך ניט איינ־האלטען לאווריען.

— ביי דיר אויפ׳ן קארק זיץ איך ! — ענטפערט דאבע פערצווייפעלט.

— טו פון וואנען לעבסטו ?

— אקערסט, זעעסט ? ! — האלטען אונטער די איבעריגע גוים.

— טרינקט איצטער בלוט ווי א פיאווקע...

— איך וואלט ניט געקענט מאכען אזא קראם, ווי דו ; פון דעם בויט ערד קענען מיר לעבען באזיבעט.

ישראל מיט דאבע׳ן ענטפערען זיי גאר ניט; קוקען זיך איין אויף די גוים און ווייסען אליין ניט וואס צו טהאן, לאה ליגט א פערגליווערטע אין בעט און האט מורא צו בעווייזען זיך, ווארפט איהרע בליקען אין אלע זייטען.

א פערשלאפענער שטעהט זעליג אין פארהויז און הערט זיך איין ווי די גוים שרייען. די בלוט קאכט אין איהם. ער וואלט אין שטוב אריינגעגאנגען, אריינגעמישט זיך, אפשר ארויסגעטריבען זיי, האט ער אבער מורא לאזען דעם שפייכלער, — מ׳קען נאך עפעס גנב׳נען. שטעהט ער אין דער פינסטער און טרייסט זיך, אז ווען

ער וועט עלטער ווערען וועט ער פון דאנען אוועק פאה־
רען, אפילו אין אמעריקא... פערדינען געלד און צונעהמען
דעם טאטען מיט דער מאמען אויף אהין. דערנאך, וואו
כאפען א גוי, ממת'ן איהם אויפ'ן ארט. און אנגעצייכענט
האט ער שוין ביי זיך אזעלכע גוים. אפילו איצטער, ווי
דער טאטע וועט איהם נאר אבגעבען לערנען אין שטאדט
וועט ער אויפקלייבען די אינגלעך פון חדר, אבגעבען זיי
די גאנצע וואך געלד, ארויסגעהן מיט זיי דאנערשטאג
אויפ'ן מארק, כאפען פאווליוק נאטאליעס און אראבדרע־
העז איהם דעם קאפ, פאר זיין לאנגער בייטש און ברעכען
די פענסטער, הרג'נען אזוי, ער זאל בלייבען א קראנ־
קער. מיט מעקאלאיען וואס האט זיך אונטערגעגראבען
אין שטוב, אויף זיך אברעכענען. לוקאשען — האט ער
געוואוסט, וועט ער שוין ניט קענען שלאגען, דערפאר אבער
וועט ער אויסשפאנען זיין פערד און אוועקטרייבען, אונ־
טער'גנב'ענען זיך צו די רעדער ארויסנעהמען די „זא־
טעטשקעס", און געזעהען האט זעליג ווי ביי לוקאש'ן
פאלט אראב די ראד אין מיטען גאס און דער וואגען קערט
זיך איבער — איז איהם איצטער גרינגער געווארען צו
פערטראגען די גוים מיט זייער זידלען און שרייען. ער האט
זיך שוין ניט אזוי געשראקען פאר'ן לאמפ, דער פייער
זאל זיך ניט פערלעשען, ווי ער וואלט אין זיך פלוצלונג
דערפיהלט א כח, און אט, אט, וועט ער זיך מיט זיי אברע־
כענען. פסח מיט יצחק'ן זיינען אריין אין שטוב. ישראל איז
צוגעלאפען צו יצחק'ן, אפשר וועט ער אן עצה געבען.

— וואס ווילט איהר? איז יצחק אין כעס געווארען

— אנגעפאלען אין מיטען נאכט!

די גוים האָבן זיך אַביסעל צוטומלט, דערזעהענדיג א נייעם מענשען און געוואָרען שטילער.

— געהט ארויס פון דאנען! — איז יצחק שטאַלצער געוואָרען.

האָבן די גוים ארויסגעלאָזען פּלוצלונג אַ גרויסען געלעכטער און געוואָלט אויפהויבען יצחק'ן אין דער הויך.

דאָבע מיט ישראל'ן האָבן איהם ארייננעגומען צווישען זיך און ניט געלאָזען.

און ארטאַן האָט אַלץ איבערגע'חזר'ט:

— גיב! גיב! א קליינינקייט א פּאַלשע וואָג!

— איהר וועט אבער דאָ אויסטרינקען! — האָט ישראל געזאָגט.

— פאר אלעמען! — האָבן זיך די גוים א לאָז געטהאָן צו איהם.

— טו קומט אין גאס!

אין שטוב איז שוין קיינער ניטאָ. די טיר איז פערריקט, ישראל טהיילט אויפ'ן הויף בראָנפען. יצחק שטעהט פערטראַכט לעבען טיש און קוקט זיך איין אויף דער פערזשאַוועטער וואָג, אויף די חלה, שניידט זי פאַרנאַנדער אויף דינע פענעצען און צעלט זיי איבער עטליכע מאָל, לעגט ארויף אויפ'ן וואָג און וועגט יעדער פענעץ בעזונדער...

לאָה דוכט זיך, אז יצחק איז אין כעס אויף איהר, וויל זי איהם געבען צו פערשטעהן, אז זי איז ניט שול-

דיג, אז זי נעזמט דאָס ניט פאַר זיך, נעבעך קליינע קינ־
דער... האַלט זיך אָבער איין. ווייל איהם ניט דערצאָגזענעז.
האָט מורא צו קריגען זיך מיט יצחק'ן, געקומען אויף א פאַר
וואָכען א היים, זאָל ער געזונד זיין...

ישראל מיט דאָבען זיינען אריין אין שטוב, אַזוי שטיל, גאָר ניט געזאָגט. און אין שטוב איז געוואָרען נאָך אומעטיגער. דער סאַמאָ־וואר איז קאַלט געוואָרען, אין ווינקעל שטעהען צוגע־גרייט די גלעזער צום טיי, קיינער ריהרט זיך ניט צו צו זיי. די קינדער זיצען פערזארגטע, קוקען אויף טאטע־מאַמען, פוילען זיך טרינקען טיי און הויבען אָן איינ־שלאָפען.

— אָנוואַרימען דעם סאַמאָוואר? — פרעגט דאָ־בע.

— אוודאי אנוואַרימען! — ענטפערט לאה. זי דער־שרעקט זיך אָבער פאַר דער שטילקייט און אבגעלאָזענ־קייט פון יעדערען, פרעגט זי ביי יצחק'ן:

— דו ווילסט טרינקען טיי?

— איך וויל ניט, איך לעג זיך שוין שלאָפען. און ער רוקט זיך אַרויס אין גאַס.

— בעט בעסער אויס — זאָגט לאה צו דאָבען — מ'דאַרף ניט אַנוואַרימען, איך וועל א שטיקעל הערינג עסען, מיט וואַסער פערטרינקען.

ישראל האָט אויסגעצויגען די הענט, א הויכען גע־נעץ געטהאָן, א גרויסען טראַט אוועקגעשטעלט, געוואָלט אביסעל דורכגעהן זיך, האָט ער א פאַטש געטהאָן מיט די הענט אָן וואַנט און אָנגעהויבען הויך מיט התמדה דאַוו־נען מעריב.

## י״א

אסתר איז לאנג געלעגן אין בעט, געקוקט אויף די ווענט, אויף דער סטעליע, אויף איהרע הענט, געוואלט וועגן עפּעס טראכטען און ניט געפונען וועגן וואס.

דער פאַרהאנג פון פענסטער איז אין קליין צימער אראבגעלאזען און דער טונקעלער שטן פאלט אויף איהר בעט, אויף אסתר'ס פּנים; די פינגער ווערען גרין און קומען אויס לענגער. טראגט זי זיי צו צו די אויגען און בעטראכט זיי, ציהט זיי אויס... קוקט אויפ'ן זייגער, ווי שפּעט איז, שוין נאך האלבען טאג און וויל נאך אלץ ניט אויפשטעהן. אין קאפּ טומעלט זיך:

— נעכטען אויסגעגראבען די קארטאפעל, אויף יו״ט מאכט זי א נייע קלייד, און אלץ קומט איהר אויס אזוי אומעטיג און וואכענדיג, אז זי וויל גאר וועגען דעם ניט טראכטען, — פערלעגט זי די הענט איבער'ן קאפּ און קוקט אויפ'ן ליכט, וואס געהט אריין אין צימער דורך דער שפּארונע פון טיר.

די מאַמע איז נאך אמאל אריינגעגאנגען, ווידער געבראכט עפּעס צום עסען פאר אסתר'ן, צוגענומען די לע־דיגע גלאז פון קאווע און געפרעגט:

— ווערסט נאך אלץ ניט אויפשטעהן? אפשר ביסטו קראנק? — און זי האט געטאפּט אסתר'ס קאפּ. אסתר האט זיך פערשעהמט פאר דער מאמען, פאר וואס זי ליגט

אזוי שפּעט אין בעט, האָט זיך אויף גיך אָנגעטהאָן און ארויס אין שטוב.

די זון האָט זיך אויסגעצויגען איבער'ן העלען טאָג און אומעטיג מאָנאָטאָן אריינגעקוקט אין פענסטער.

די טישען זיינען אבגעוואשענע, ריינע, די שטוב — אויסגעקערט און ס'איז אזוי שטיל...

דער קאָשיקעל שטעהט נאָך פון נעכטען אויפ'ן באַנק. א שנירעל היינגט אראָב פון איהם און די קליינע קעצעל שפּיעלט זיך מיט דעם א גאַנצען פריהמארגען, ציהט איהם מיט די ציינדלעך, דרעהט איין אי זאיהרע פיסלעך און קוקט צופריעדען אויפ'ן קאָשיק'ל.

— ניטאָ מיט וועמען א ווארט אויסצוריידען — האָט אסתר היינט מעהרער ווי שטענדיג דערפיהלט דעם אומעט און אין הארצען האָט איהר אזוי געגאַגט, האָט זי אנגעהויבען פארנאַנדערפרעגען זיך ביי דער מאמען, וואו איז דער טאַטע, וואו אקערט היינט דער פאראבאק, וואס טהוט די שיקסע און צו די בהמות האָט מען שוין אוועקגעטריבען אין פעלד. צו קיינעם פון זיי האָט אסתר'ן ניט געצויגען, האָט זי ארויסגענומען דעם האַנטוך און אנגעהויבען אויסנעהען.

— מיר זיינען שוין צוגעוואוינט — האָט חנה איהר טאָכטער בעדויערט — נאָך א יונג קינד... דעריבער פּלאָנטערען זיך אזוי די פעדים.

אסתר האָט ניט געהאט קיין געדולד פארנאַנדערצונעהמען די פעדים, האָט זי אוועקגעווארפען דעם האַנטוך און אנטלאָפען צו דער גלח'טע. דער גלח איז ניט געווען אין דער היים. אוועקגעפאָהרען אימיצען מקבר צו זיין; די „מאטושקע" — א הויכע פרוי מיט א צושטר־

פעלטען פנים — איז געזעסען אין שטן'דיגען צימער און פויל איבערגעמיישט די בלעטער פון אן אלטען זשורנאל: „ניווא“. איינגעקוקט זיך אויף די בילדער, געטראכט וועגען די יונגע לייט, און געזוכט אין די דערצעהלונגען וואס שרייבט מען וועגען זיי, דערמאנט זיך, אז ווען זי איז נאך מיט'ן גלח יונג געווען, פלעגען זיי אויסשרייבען דעם זשורנאל. איצטער בענוגענט זיך שוין דער „באטיושקא“ נאר מיט'ן איבערקוקען די אלטע נומערען, לעזט דורך צו עטליכע מאל א דערצעהלונג און שמייכעלט צו איהר, ווען ער לעזט: „דאנילא מיט מאריאן“.

אסתר האט מיט דער גלח'טע ניט גערעדט, נאר בעגריסט זיך מיט איהר, אוועקגעזעצט זיך לעבען דער פיאנא און אנגעהויבען שפיעלען.

און קיינמאל האט זי נאך אזוי גוט ניט געשפיעלט ווי איצטער; אזא אומעט און בענקען האט זיך געפיהלט אין איהרע טענער — אט דער אומעט און בענקען פון פאדלעשוקער וואלד און פעלדער... האט די גלח'טע אוועקגעווארפען די אלטע זשורנאלען, צוגעגאנגען צו דער פיאנא, און איינגעקוקט זיך אויף אסתר'ס פנים, אויף איהרע אויגען, ווי גרוים זיי זיינען געווארען.

— נאך וועמען בענקט אזוי די „בארישניא“.

אסתר האט זיך דערשראקען פאר'ן קול, א קוק געטהאן אויף איהר, פעררייטעלט זיך און אראבגעלאזען די אויגען.

— צו אונז אין פאדלעשוק וועט נאך אויך קומען א

חתן פאר דער „באריישניא“ — א הויכער, א שווארצער, קיין מיאוס'ן וועל איך ניט דערלאָזען..

— אַט אזאַ ווי יצחק — איז דורכגעלאָפען ביי אסתר'ן א געדאנק, און זי האָט ווייטער געשפּיעלט.

— ווידער אומעטיגעס — האָט איהר די גלח'טע ניט געלאָזט ווייטער שפּיעלען — די „באַרישניא“ האָט ניט וואָס צו זיין טרויעריג, איך האָב זיך אויך געהאַדע־וועט אין א דארף. פיער שוועסטער יתומים זיינען מיר געוועזען. איך, די עלטסטע, האָב געמיינט, אז איך וועל שוין קיינמאָל ניט חתונה האָבען, פּלוצלונג איז געקומען צו פאָה־רען דער „באטיושקא“ און געבעטען מיין האנט; די „באַרישניא“ איז דאָך א שעהנערע פאר מיר...

אסתר האָט ווייטער געשפּיעלט און געטראכט, אפשר וועט צו איהר אויך אימיצער קומען; אַט יצחק — אין א זומערדיגען טאָג, קיינער וועט ניט זיין אין שטוב, איך וועל אויסנעהען דעם האנטוך — וועט קומען און בעטען מיין האנט.

און אסתר'ן האָט אזוי אָנגעהויבען ציהען צו זיך אין שטוב, האָט זי אויפגעהערט שפּיעלען און אוועקגע־גאנגען א היים.

## י"ב

— יצחק איז געזעסען ביים גרויסען טיש און גע־רעדט מיט חנה'ן. זי האט אלץ איבערגעפרעגט. ווי לעבט זיך איהם אין די גרויסע שטעדט און געטראכט, ווי וואלט זי איהר אסתר'ן אבגעלאזען פון זיך, ווער וואלט איהר דארטען אויסגעבעט און ווי וואלט זי זיך דא געלעגט שלאפען אהן איהר.

— דארף מען דאס אלץ אליין טהאן? וועש אבגע־בען... און ווער קאכט?

און זי האט איהם דערצעהלט פון איהרע געשטארבע־נע קינדער.

— זיינען אזוי פינסטער געווען די ווענט? אזוי שטיל אין שטוב?

פון יעמאלט אן האב איך אויסגעטהאן די צירונג פון זיך; ס'ליגען ערגעץ די אויערינגלעך, וועמען ליעגט דאס אין זינען; די אויגען קאליע געווארען; קען אפילו קיין תחינות ניט זאגען; ס'ווילט זיך גאר ניט. איך זעץ זיך בעסער אוועק און טראכט וועגען זיך, האב איך א גאנץ בי־טערע תחינה: א מאמע זאל האבען עלף קינדער; פון איין בויך ארויסגעהן און אויף דער עלטער בלייבען מיט איי־נער.

— אט איז זי! — איז חנה פרעהליכער געווארען דערזעהענדיג אסתר'ן.

אסתר האָט זיך פערשעהמט פאר יצחק'ן, צוגעגאנגען צו דער מאַמען, אנגעשפּארט זיך אויף איהרע אקסלען און שטיל איבערגע'חזר'ט:

— מאַמע מאַמע!

— וואָס איז מיין טאָכטער, דו ווילסט דאָך מסתמא עסען? זי איז היינט עפּעס ניט געזונד.

— מיר טהוט דער קאָפּ וועה.

— איהר זעהט טאַקע אויס, ווי איהר וואָלט היין גע־האט — האָט יצחק בעמערקט.

אסתר איז נאָך רויטער געוואָרען, געקוקט אויף איה־רע הענט, אבגעמאַסטען די לאַנגע פינגער מיט די ווייסע שמאָלע נעגעל און געפרעגט:

— אליעש איז היינט פריה אוועקגעפאָהרען אין פעלד?

— יא, ער איז אַוועקגעפאָהרען הינטער'ן בארג צו אקערען דעם פּאָפּאר...

— טו גיב עסען — האָט אסתר ציטעריג אויסגע־רעדט און אוועקגעגאנגען איבערטהאָן זיך.

יצחק איז געבליבען זיצען אין שטוב. דורכ'ן פענסטער האָט זיך אריינגערוקט דער לאַנגער שווארצער שטן פון וואלד און נאָך שטילער און טונקעלער געמאַכט די רוהיג־קייט פון שטוב;

— שטיל און רוהיג ווי אויף א בית־עולם — האָט ער איבערגע'חזר'ט, נאָכקוקענדיג דער אלטער חנה'ן, ווי זי געהט ארום פאַמעליך אין די ווייכע פאַנטאָפּעל אי־

בער'ן פאַרהויז און קלאָגט, וואָס מעהר ווי מיט צוויי — דריי טעלער גרייט זי קיינמאָל ניט דעם טיש. געבלי־בען שטעהען לעבען אלמער און טראַכט, אז איהר היר־שעל וואָלט איצטער אַזוי גרויס געוועזן ווי יצחק און זי וואָלט געפּאַהרעזן אָנקוקען א כלה פאר איהם; גענומען צו זיך אַ שנור — א מאַנסביל וואָלט זי אפילו ניט מורא גע־האט צו לאָזען דא אין פאדלעשוק — און דער שנור וואָלט זי צוגעזעהן ווי אן אייגען קינד. חנה'ס פּנים האָט א מרא שחורה פערשפּרייט איבער'ן שטוב. יצחק קוקט אויף חנה'ן און פאר איהם האָבען זיך אויסגעצויגען די לאַנגע ווינטערדיגע אבענדען מיט די גרויסע שנעען, ווען די אלטע מאַמע קען ווייטער פון איהר שטוב־טיר אין ערגעץ ניט געהן און זי זיצט גאַנצע נעכט, הערט זיך צו צו דעם וואָ־יען פון ווינט און טראַכט, אז אַזוי וויינען קינדער. קוקט אויף די ווענט, בעטראַכט די ברוסט און פרעגט ביי דעם שווארצען שטן:

— וואו זיינען זיי, ווען איך האָב געקארמעט?

יצחק'ן איז שווער געוואָרען פון שטילקייט, האָט ער זיך אויפגעהויבען פון זיין ארט, דורכגעגאַנגען עטליכע מאָל די גרויסע שטוב, און ער האָט אליין ניט געפיהלט, ווי ער איז אריין אין צווייטען צימער.

אסתר איז געשטאַנען ביים שפּיגעל און צוגעקאָמט זיך, בעטראַכט צו דער שלייף געהט איהר.

— איך מעג אריין? — האָט ער געפרעגט.

— יא, איהר מעגט — האָט זי שטיל געענטפערט.

— איך בין אייך מקנא, דאָ איז אַזוי שטיל און רוהיג, איך וואָלט דאָ געוואָלט שטענדיג וואָהנען.

— דאָ איז אבער אַזוי אומעטיג — בעקלאָגט זיך אסתר און איהרע בליקען בלאָנדזשען ארום איבער'ן צי־מער, שטעלען זיך אָפּ בגנבה אויף יצחק'ן, און זי טראכט, אז דאָ, אין פּארליעשוק זעהט מען קיינמאָל ניט אַזעלכע יונגע לייט. — זיי קומען גאר ניט אהער, און איהר האָט זיך אַזוי עפּעס גֶעוואָלט פון יצחק'ן, און זי האָט אליין ניט געוואוסט וואָס.. האָט זי געפרעגט:

— און אין די גרויסע שטעדט?

— מ'געוואוינט זיך צו אַזוי, אז מ'פיהלט גאר ניט, וואָס מ'איז אין דער גרויסער שטאָדט. איהר ווייסט ניט די גרויסשטעדטיגע לויבען דעם דאָרף און די דאָרפישע בענקען נאָך'ן שטאָדט.

— אָט אַזוי ווי איך.

— נו וועל איך אייך נעהמען אין שטאָדט, איהר ווילט פּאָהרען מיט מיר?

אסתר האָט זיך אביסעל פערלאָרען און פערטראכט זיך וואָס צו ענטפערען.

— פאר וואָס זאָלט איהר ניט פּאָהרען? מיט מיר וועט אייך זיין גוט.

אסתר ווייסט, אַז איהר וועט זיין גוט מיט יצחק'ן; איהר וואָלט אפילו ניט געווען אומעטיג דאָ מיט איהם צו זיין. זי קען דאָס איהם אָבער ניט זאָגען. זי וויל ארויס־געהען פון דאנען, אין דעם קליינעם צימער דוכט זיך איהר, זעהט יצחק אלע איהרע מחשבות און זי פיהלט אליין ניט ווי זי בעט יצחק'ן געהען מיט איהר אין וואלד.

— מיר וועלען דאָרטען קלויבען שוואמען, רייסען ניס.

— ווערט פרעהליכער יצחק.

—איך וועל זאָגען דער מאמען, אז מיר געהן אין וואלד.

## י"ג

אסתר געהט א צופריעדענע איבער'ן וואלד, רוקט אראב נידעריגער איבער'ן שטערען איהר טיכעל און זוכט דעם שטן פון זיך, וויל וויסען, ווי זי זעהט אויס, און דערצעהלט יצחק'ן מעשיות פון פוילישען מעטעזש, ווי אזוי גרויסע גראפען און פריצים האבען זיך בעהאלטען אין דעם וואלד. געגעסען טרוקענעם ברויט מיט יאגדעס און פערגראבען אונטער די בוימער זייער גאלד, איצטער געפינט מען נאך אוצרות, אקערענדיג... דערנאך איז אנגעפאלען דער רוסישער חיל און אלעמען אויסגע'הרג'עט, די אידען, וואס האבען זיי געבראכט עסען האט מען געשמידט אין קייטען און אוועקגעפיהרט אין גובערניע אריין.

— מיין מאמע דערצעהלט, ווי מען האט זיי געפיהרט געשמידטע, און אין אלע שטעדטלעך האט מען תהילים געזאגט, גאט געבעטען פאר די טאטעס פון קליינע קינדער.

— און אט דא־א — האט זי צוגעפיהרט יצחק'ן צו צוויי לאנגע בערגלעך, פערוואקסענע מיט הויכע גראז — האט מען בעגראבען די הרוגים; אין איין גרוב די פוילישע; און אין דער צווייטער — די רוסישע. מיר האבען גאר מורא צו געהען אהער. ביינאכט, זאגט מען, ווען די העהנער הויבען אן קרעהען, קומען אראב אהער די ווייבער

פון די גראַפּען, און אַז די נאַכט איז אַ ליכטיגע, טהוען זיי אָן זייערע ווייסע חופּה־קליידער מיט די צירונג. שטעלען אויס זייערע פּאַלאַצען און פּראַווען אַ באַל. און טאַמער איז די נאַכט אַ פינסטערע, קומען זיי אַלטע, אָהן צייהנער, זעצען זיך אַוועק אויף די קברים, דרעהען זיך איין אין די צווייגען פון די בוימער און וויינען און קלאָגען אַזוי לאַנג, ביז׳ל וואַנען ס׳הויבט אָן גיסען אַ גרויסער רעגען. די גוים ווייסען שוין, אַז אַזאַ רעגען דאַרף געהען דריי טעג מיט אַ נאַכט און יעמאַלט פאַהרען זיי אין ערגעץ ניט אַרויס אַפילו פאַר הונדערט רובעל.

— און איצטער האָט איהר אויך מורא ? — האָט יצחק געשמייכעלט, שפּילענדיג זיך מיט אסתר׳ס לאַנגען שוואַרצען צאָפּ. געוואָלט איהם אַרומדרעהען אַרום זיין האַלז, געשעהמט זיך אָבער. האָט ער איהם אַרומגע־דרעהט אַרום אסתר׳ס קאָפּ און שטיל געזאָגט :

— מיר וועלען ניט קלויבען קיין שוואַמען, בעסער דערצעהלט מעשיות. אַט דערצעהלט, וואָס איז געווען מיט יענעם צלם, אַזאַ אַלטער, שוין אָן איינגעבויגענער מיט אַ פערזשאַווערטער בלעכעל און שטעהט נאָך אַלץ.

— ניין, מ׳דאַרף קלייבען שוואַמען — האָט זיך אסתר גע׳חנ׳דעלט.

— דערצעהלט בעסער...

— וועל איך אייך דערצעהלען : אַמאָל איז געווען אַן אַלטער דוקס — האָט אסתר פערצויגען איהר קול, אַראָבגעלאָזען די לאַנגע ברעמען, און פעריכט די רויטע טיכעל, איהר שיין זאָל פאַלען אויפ׳ן פּנים — און אַז ער איז אַלט געוואָרען, האָט ער צונויפגערופען די מכשפים פון דער גאַנצער וועלט און געהייסען זיי פער־שילטען זיינע פעלדער, אויף זיי זאָל גאַר ניט וואַקסען.

און פערזאגט, אז נאך זיין טויט זאל מען זיין גאנצען פערמעגען פערברענגען און איהם אליין בעגראבען לעבען די בערגלעך, קיין מצבה ניט אוועקשטעלען, נאר לאזען ליגען זיין שטעקען אויפ'ן קבר. זיינען אויף דעם גראף'ס פעלדער אויסגעוואקסען שטיינער און בעהג. ביינאכט הערט מען, ווי מען וואלט מיט רעדער געפאהרען דאר־טען, און זיין שטעקען איז געוואקסען אזוי לאנג, ביז'ל פון איהם איז געווארען דער צלם.

אנדערע דערצעהלען, אז אמאל האט אויף דעם ארט א גזלן גע'הרג'עט א דורכגעהער און מעהר ווי זעקס גראשען האט ער ניט געפונען ביי איהם, האט דעם גזלן גענומען ביים הארצען, פאר וואס ער האט גע'הרג'עט פאר אזא קלייניגקייט א מענשען, האט ער איהם ניט געלא־זען וואלגערען זיך אויפ'ן וועג און בעגראבען לעבען די קברים. ארייגעשטעקט אין זיין קבר דעם דורכגעהערס שטעקען, צוגעקלאפט די בלעכעל און אנגעשריבען אויף איהר:

„פאר זעקס גראשען גע'הרג'עט א מענשען".

איז געוואקסען דער שטעקען ווי א יונג בוימע־לע, פויגעלעך האבען געמאכט זייערע נעסטען אין איה־רע צווייגען און געזונגען שטענדיג מיט אזא טרויעריגען ניגון, אז ביי יעדערען האבען זיך טרעהרען געשטעלט אין די אויגען. איז געפאהרען אמאל א גרויסער דוקס אויף יאגד, איז איהם אומעטיג געווארען פון די פויגעלעך'ס זינגען, האט ער געהייסען זיין בעדיענער אויסשיסען אין בוים. זיינען די פויגעלעך אנטלאפען פון די נעסטען און מעהר ניט געקומען צוריק. און די צווייגען האבען אנגעהויב־

בען ביסלעכוויַיז אראָבפאלען, ביז׳ל פון דעם בוים איז געוואָרען דער צלם.

און אז אימיצער פאָהרט דאָ דורך, געהט ארויס דער טויטער מיט א צובלוטיגטען קאָפּ און בעט זיך, אז מ׳זאָל זיך אומקעהרען צוריק.

יצחק מיט אסתר׳ן זיינען אלץ טיפער אריין אין וואלד: די בוימער ווערען געדיכטער, די אלטע סאסנעס פלעכטען זיך צונויף מיט זייערע צווייגען מיט די גראבע דעמבען און וועבען אויס אַ גרויסען שווארצען קראנץ, דעקען צו דעם הימעל, בעהאלטען דעם אָנהויב און מ׳זעהט ניט דעם סוף...

און יצחק׳ן דוכט זיך אז ער געהט דאָ ארום ווי זיינע זיידעס און עלטער־זיידעס מיט דורות צוריק. און באלד וועט ער בעגעגענען א יונגען גראף — בעוואפענט מיט א שווערד און ביקס און מיט א פאנצער אויפ׳ן הארצען רייטענדיג אויף זיין פערד. ער וועט בעטען אביסעל טיטון און דערפאר אראָבציהען זיין גילדערנע קייט, ארויס־געבען קאָנטראקטען אויף זיינע הויפען...

אסתר געהט אזוי נאָהענט לעבען יצחק׳ן, קוקט מיט אַזוי פיעל גוטסקייט אויף איהם, נעהמט ער אָן שטייפער איהר האנד, ווייל איהר עפּעס זאָגען, אז זי זאָל דערפיהר־לען, ווי גוט איז איהם איצטער און ווי האָלט ער האָט זי. האָט ער דערזעהען א נוס אויפ׳ן שפּיץ פון א קוסט און ער האָט אויסגעשריען מיט פרייד:

— אָט דעם נוס וועל איך אייך געבען!

— ער איז דאָך אזוי הויך!

— מיר וועלען איהם דערלאנגען...

און יצחק האָט זיך א מונטערער א ווארף געטהאָן

אויפ׳ן קוסט, געבויגען אזוי לאנג די צווייגען, ביז׳ל ער האט זיי צובראכען. דער שפיץ איז געבליבען שטעהן גלייך און נאך העכער אויסגעקומען. האט זיך יצחק׳ן פערוואלט נאך שטארקער דערלאנגען דעם גוס, האט ער ווי א קאץ ארויפגעקלעטערט און איהם אבגעריסען.

— א פרעהליכער האט ער אבגעגעבען דעם נוס אסתר׳ן. זי איז געשטאנען פול אין בלעטער לעבען בוים מיט א צווייגעל אין האנט און געשמייכעלט:

— אט מיט דעם וויל איך אייך אונטערשפארען, איהר קענט ניט קריכען...

— דערלאנגט אבער — האט יצחק געוואלט ביי זי. האט ער דערזעהען א גוס אויפ׳ן שפיץ פון א קוסט קען, איהר קענט דאך ניט; ביי אייך זיינען די צייהנער ווי ביי א קינד, שוואכענקע.

— ניין, איך וועל ניט געבען — האט זיך אסתר גע־רייצט און איז אנטלאפען הינטער א בוים:

— אהא ניט צוגענומען! — פלעגט זי בעווייזען איהר פנים פון הינטער׳ן בוים און צוריק בעהאלטען. און אז יצחק האט איהר געכאפט, צוגעדריקט צו זיך און אסתר האט דערפיהלט זייןווארימען אטהעם, האט זי אנגעהויבען שטיל שעפטשען:

— מיר בלאנדזשען אזוי טיעף אין וואלד..

— וועלען מיר דא נעכטיגען — האט יצחק געלאכט — און ביינאכט, אז מ׳וועט אונז קומען זוכען, וועט מען אונז געפינען זיצענדיג אונטער׳ן געדיכטען בוים און איהר וועט דערצעהלען א מעשה, אט אזוי ווי מיין באבע און איי־ער באבע האט דערצעהלט איהרע אייניקלעך פון גרויסע גראפען מיט גזלנים און שדים...

— מיט הויכע האלעוועשקעס פייער וועלען זיי אונז זוכען — האט זיך אסתר קינדעריש געפרעהט און ארויס־גערוקט זיך פון יצחק'ס ארימס, אבגעלאפען אביסעל ווייטער פון איהם, צוגעלעגט דעם אויער צו דער ערד און א הוקע געטהאן. אבגעריסען האט זיך דער קול ניט ווייט פון איהר.

— אט א איז דער וועג — האט זי מיט'ן האנד אנגעוויזען — און מיר וועלען ארויסגעהן אויף'ן פאפאר.

יצחק האט ניט געוואוסט וואס צו זאגען אסתר'ן, ער האט געפיהלט ווי מען וואלט ביי איהם עפעס צוגענומען און ער ווייסט ניט ביי וועמען צו מאהנען. פערדראסען האט איהם, פאר וואס זי האט איהם אבגענארט און אין כעס ווערען אויף איהר האט ער אויך ניט געקענט, האט ער אנגעהויבען שמייכלען:

— איהר האט פריהער אויך געוואוסט וואו מיר זיינען...

— אין דעם וואלד? ער האלט אפשר הונדערט מייל, דער פריץ אליין ווייס ניט ווי גרויס ער איז...

## י״ד

זרח איז געשטאַנען לעבען זיין שטוב, געקוקט אויף׳ן הויף, אויף די נייע געביידעס, וואָס דער יונגער פּריץ האָט אויסגעבויט, איינגעהערט זיך צום פּייפען פון ברויז און געטראַכט, אז פון זיינע קאָנטראַקטען וועט שוין גאר ניט זיין...

— וואוהין איך וועל ניט דערגעהן, אהין וועט דער גנב דערפאהרען, סידאר פּערדינגט נאָך די פעלדער און דער זוהן וועט שוין ניט וועלען, רעכט, אז די שטוב זאָל ער אויך אראָבוואַרפען. — און זרח האָט געפיהלט אז ער ווערט אויסגעריסען פון דאַנען, אָט פון די ברייטע פעלדער, פון דער גרויסער סטאַדאָלע...

— און ער איז שוין אלט: די יאָהרען געהען אויס צו־זאמען מיט די קאָנטראַקטען פון די פעלדער, ווי די טרוכ־ליאווע ווענט פון איבערגעבויטען שטאַהל. די פעלדער וועט מען צואקערען, אָט אזוי ווי מ׳האָט געטהאָן מיט׳ן פאָ־הארער פולוואַרק: קיין זכר ניט געבליבען, ניט פון דער קרעטשמע און ניט פון חיים דעם פאקטאר. דער ארעש־טאנט האָט גאר געמאכט אויף דעם אָרט א גארטען פון קרויט, ווי קיינמאָל גאר ניט געוועזן...

— וואָס וועט אבער זיין מיט אסתר׳ן? — האָט זיך זרח א טרייסעל געטהאָן — נאָך אזוי יונג און ניט גע־ניט, און ער האָט אנגעהויבען איבעררעכענען זיין געלד.

דעם וועקסעל, וואָס ליגט נאָך ביי איהם פון זיין שווער ע"ה, ארויסגעגעבען אויף א העלפט פון אשיפּאוועקער הויף, אין די צעהנדליגער אלפים האָט מען איהם אמאָל געשאצט.

— וואָס איז ער איצטער ווערטה? — די צוויי טויזענד רובעל וואָס ליגען ביים דין, די וועקסלען אויפ'ן הויף האָט ער אויך אריינגערעכענט, כאָטש ער האט גע־וואוסט, אז פון זיי וועט שוין גאר ניט זיין. דער פערד מיט'ן וואָגען, די קופּער...

— וואָס וועט זי אבער טהאָן מיט דעם? — נאָך א קינד... — קוקט זיך איין זרח אויף אסתר'ן, ווי זי זיצט אויפ'ן באנק און קוקט א פעראומעטיגטע אויף דעם לאנגען וועג פון וואלד.

— וועמען קען ער נעהמען צו זיך? און צו וואס? אין שטאָדט אבגעבען? — האָט ער פאר זיך דערזעהן די שטאָדטיגע בחורים, ווי זיי לויפען ארום מיט די שטע־קעלעך איבער די גאסען פון איין מיידעל צו דער צוויי־טער.

— זיי אבגעבען מיין טאָכטער?! — האָט איהם א ציטער דורכגענומען.

— און דאָ לעבען זיך? — קוקט זרח אויף דער גראָ־בער שיקסע — זיין דיענסט; מיט'ן שנץ, דעם פּאראָ־באָק, אויף זייערע הויכע רויטע באקען, קליינע וואסער־דיגע אויגעלעך, ווייסע ברעמען, ווי זיי עסען מיט די גרויסע הילצערנע לעפעל זויערמילך פון א ליימענער שי־סעל — ווי דער סטעפּאן און אבער האנוליע...

און ער האָט זיך ניט ווילענדיג פערטראכט וועגען יצחק'ן.

— אַלע טאָג קומט ער אהער...

און ער איז איהם אַזוי געפעלען מיט זיין שטילען געלאַסענעם ריידען, רוהיגען בענעהמען זיך. ער איז געלע־רענטער, ווייס אַלץ, געווען אין גרויסע שטעדט אין האַלט־סטאַט.

זרח האָט צוגערופען צו זיך אסר'ן און געפרעגט ביי איהר:

— וואָס רעדט מיט דיר יצחק; אונז זאָגט ער דאָך גאָר ניט.

זי איז רויט געוואָרען, פערשעהמט זיך, ניט גע־וואוסט וואָס צו ענטפערען און איז צוריק אַוועקגעגאַנ־גען אויף איהר אָרט.

— ער וואָלט געוואָלט, האָט זרח געטראַכט, אַבער ישראל'ס א זוהן, שלעפּט די זעקלעך אויפ'ן פּלייצע. זרח דער פּאַסעסאַר זאָל זיך משדך זיין מיט ישראל'ן?

— און וואָס זאָגסט דו, חנה? — איז ער אריין אין שטוב — אסתר'ן איז שוין דער צוואַנציגסטער יאָהר; זי איז דאַנקען גאָט ניט די עלטסטע...

ביי חנה'ן האָבען זיך טרעהרען אַוועקגעשטעלט אין די אויגען, און דער געדאַנק וואָס איז פון איהר קיינ־מאָל ניט אָבגעטראָטען, ווי דער שטן — זי וועט פיהרען איהר טאָכטער צו דער חופּה, אַנטהאָן זיך אין די פּערעל

און אוירינגלעך און באלד נאָך דער וועטשערע אָבגעבען אסתר'ן, אנטהאָן אויף איהר; אין גאלד און אין זיידענס זאָל זי זיין, האָט זיך אָנגעהויבען שאָקלען — האָט זי גע־זאָגט:

— איך בין שוין אלט, שווער ארומצוגעהן. יצחק איז אַן אייגענער מענש, ווי א קינד איז ער אין שטוב.

— דו גיסט ניט אָפּ דיין קינד צו קיין פרעמדען?
האָט זרח געקוקט אויף חנה'ן, אויף דער גרויסער שטוב, אויף אסתר'ן און שטיל געענדיגט:

— גרייט עפּעס צו, ער וועט דאָך באלד קומען...

## ט"ן

פסח האָט שוין מעהר ניט געזוכט קיין פערד און וואָגען ער זאָל קענען ארומפאָהרען איבער די דערפער, ווי בערעל קצב — נאָר געטראכט וועגען זיין אוועקפאָהרען פון דער היים. אין א בעזונדער צימער וועט ער וואהנען צוזאמען מיט יצחק'ן, און יצחק וועט מיט איהם ארומטום ארומגעהן, אלץ בעווייזען, בעקענען מיט אלע זיינע בעקאנטע, און דערנאָך אז ער וועט אבזיין עטליכע יאָהר אין ווארשא, ווערען א גרויסער בחור, פערדיענען געלד, וועט ער מאכען א נייעם גארניטור, קויפען א זייגער און קומען א היים. אלע וועלען איהם אבגעבען שלום, און וואונדערען זיך ס'אר א גרויסער בחור ער איז געווארען. די מאמע וועט אויף איהם ניט שרייען, געבען גוטע זאַכען, באקען זעמעלעך און בעטען זיך ער זאָל עסען...

און פסח האָט זיך שוין אנגעהויבען צוגרייטען אין וועג; צונויפגעקלאפט א קעסטעל פון ברעטלעך, געמאכט פון רימענדלעך זאוועסעס און אָנגעטהאָן א דעקעל, אוועקגעשטעלט זי אויפ'ן בוידעם און אריינגעלעגט אין איהר אלע זאכען, וואָס ער האָט געוואָלט נעהמען מיט זיך: א שפיגעלע, א שטיקעל זייף, נאָדלען, פאָדים...

קיין געלד האָט ער ניט געקליבען, געוועסט אנגעגנב'עט פיער גלדן, דערנאָך אָבער הרטה געקראגען, ער האָט דערזעהן אז דעם טאָטען פעהלט צו בעצאָהלען א גוי פאר

קארען, האָט איהם אַזוי ביים הארצען גענומען, אז איהם האָט זיך געוואָלט צוגעהן צום טאַטען און זאָגען:

— אַט האָב איך געלד. — ער האָט זיך אָבער געשראָקען פאַר דער מאַמען, זי זאָל ניט פרעגען, וואו האָט ער גענומען, האָט ער בגנבה אריינגעווארפען די פיער גילדען אין טיש־קעסטעל און פון יעמאָלט אן מעהר ניט גע׳גנב׳עט קיין געלד.

פון די שטוביגע האָט זיך פסח אבגעטהיילט, געקוקט אויף זיך ווי אויף א גרעסערען, ווינציג גערעדט מיט זיי, מיט קיינעם ניט געקריגט זיך, אלעמען פערשוויגען, שטענדיג געפּאָלגט דעם טאַטען, ווי ער וואָלט געפיהלט, אז איהם איז געבליבען ניט קיין סך צו ליידען פון זיי. ער איז ארומגעגאנגען אליין איבער׳ן הויף און געטראכט וועגען זיין אַוועקפאָהרען, געבענקט נאָך יצחק׳ן און איהם האָט געקריינקט פאר וואָס ער געהט אַוועק אויף א גאנצען טאָג צו זרחן.

און יעדעס מאָל ווען יצחק איז אוועקגעגאנגען פלעגט איהם פסח נאָכגעהן בגנבה, ביז׳ל ער פלעגט פערפאלען ווערען אין וואלד. דערנאָך פלעגט ער בלייבען שטעהן, קוקען, קוקען און אומקעהרען זיך א היים.

נאָר איין מאָל האָט פסח אליין ניט געפיהלט, ווי אַזוי ער האָט זיך אזוי נאָהענט דערנעהנטערט צו יצחק׳ן, בעגלייטענדיג איהם צו זרח׳ן, אז ער האָט איהם אָנגענומען פאר׳ן האנט און ניט ווילענדיג געזאָגט:

— געהסט צו זרח׳ן?

יצחק האָט זיך דערמאנט, אז פאר דער גאנצער צייט וואָס ער איז אין דער היים, איז ער נאָך קיין איין טאָג אין

שטוב ניט געווען און פערדראָסען האָט איהם, פאר וואָס קיינער האָט ס'איהם ניט בעמערקט, חוץ פסח'ן.

— אזוי דערשלאָגען זיינען זיי — האָט ער געטראַכט

— און אפשר אזוי פרעמד...

און ער האָט ארומגענומען פסח'ן און איז אריין מיט איהם אין שטוב.

זעליג איז געזעסען א פערטרויערטער אין א ווינקעל און געשוויגען. ער איז ניט צופריערען געווען מיט יצחק'ס קומען. פריהער האָט ער זיך געפיהלט אין שטוב אלס אן עלטערער בחור, ווי אַ גרויסער...

אין יעדער זאַך א דעה געזאָגט, אומעטום אריינגע־מישט זיך, און איהם האָט געדוכט, אז מ'הערט זיך צו צו איהם. מיט יצחק'ס קומען אבער האָט ער זיך דערפיהלט אלס א קליין אינגעל, אָט אַזוי ווי פסח און רחל... און צו־ליעב דעם האָט אין איהם א קנאה און כעס געוואקסען צו יצחק'ן. אויסגעמיטען האָט ער איהם און ווינציג גערעדט, ווי איהם וואָלט געדוכט, אז יצחק זאָגט איהם שטענדיג:

— דו ביסט נאָך א קליין אינגעל...

געקריגט זיך מיט די שטוביגע, געשריען אויף זיי און גאָר ניט געוואָלט טאָן. אליין האָט ער זיך אזוי איינזאם און עלענד געפיהלט, געטראַכט שטענדיג וועגען א תכלית, וואָס זאָל ער טהאָן; לערנען וועט מען איהם שוין ניט אפּגע־בען, דער טאַטע דערמאָהנט אפילו קיינמאָל ניט.

איז ער צוגעגאנגען צום טאַטען, פארנאַנדערגעוויינט זיך:

— וואָס וועט זיין מיט א רבי? אלץ אויף ווינטער, אויף ווינטער... פריהער געזאָגט אויף זומער...

און זעליג האָט זיך פערטראַכט, אז קיינער דערגה'ט

ניט וועגען איהם, אלע האָבען איהם פיינד, ווילען פון איהם ניט וויסען, און ער איז איינער אליין אויף דער וועלט און זיין לעבען איז איהם אזוי שווער און אומעטיג געוואָרען. מיט יצחק'ן האָט ער אפילו ניט געוואָלט ריידען, אנגעשפּארט דעם קאָפּ אָן טיש און געשוויגען.

לאה האָט א פערזאָרגטע איבערגעלעגט די זייף אונטער'ן טיש און גע'דעגה'ט. וואָס דער זומער טריקענט עס איין. ניינצעהן גראשען קאָסט זיך אליין און מעהר ווי צוואנציג גיבען זיי ניט.

שווער איז יצחק'ן צו זיצען אין שטוב. ער קוקט אויף דער מאַמען, אויף זעליק'ן, אזוי איינזאם און שוואך זיינען זיי, און ער פיהלט, אז ער מוז זיי מיט עפּעס העלפען.

— וואָס קען ער אבער טהאָן?

און איהם פערדריסט אויף זיין גאנצען לעבען. אלץ איז אזוי נאריש. וואָלט ער כאָטש געלד צונויפגעקליבען, וואָלט ער פּסח'ן בעקליידעט, פאר זעליג'ן א רבי געדונגען, דעם טאַטען געגעבען.

אַזוי, נאָך וואָס איז ער אהער געקומען, און צוליעב וואָס איז ער געבליבען אין דער היים? וואָס וועט ער דאָ טהאָן?

אוועקגעהן צו אסתר'ן האָט ער אויך ניט געקענט, האָט ער צוגערופען צו זיך רחל'ן, אוועקגעזעצט איהר ביי זיך אויפ'ן שויס, געגלעט איהרע האָר און געפרעגט:

— דו ווילסט איך זאָל דיר ברייגגען א חתן פון ווארשא?

רחל איז רויט געוואָרען און געוואָלט ארויסרוקען זיך פון זיינע הענד.

— זיץ ביי מיר — האָט איהר יצחק געבעטען — דו

ביזט א שעהן מיידעל, דיינע אויגען זיינען אבער שווארץ, אזוי שמוציג, ווי פערלאזטו עס זיי; דיך וועט א ווארשעווער חתן ניט וועלען נעהמען מיט אזעלכע אויגען. דו וואשט זיי גאר קיינמאל ניט? דעריבער זיינען זיי אזוי שווארץ.

— קיינמאל ניט. — האט רחל שטיל געענטפערט, און ארויסגערוקט זיך פון זיינע הענט.

לאה האט זיך איינגעהערט ווי יצחק רעדט מיט רחל'ן און געטראכט, אפשר מיינט ער דאס זיך, צוליעב וואס איז ער געבליבען היינט אין דער היים; מסתמא וויל ער עפעס דערצעהלען דער מאמען. איהר פנים איז ליכטיגער געווארען, זי האט געלאזען די זייף, אויפגעהויבען דעם קאפ און פערקוקט זיך אויף יצחק'ן:

— שוין דאנקען גאט פינף און צוואנציג יאהר, דאס עלטסטע קינד, וואס טראכט ער?

און דערמאהנט האט זי זיך, אז די גאנצע צייט זינט ער איז אין דער היים, האט זי מיט איהם קיין איינמאל ניט גערעדט, ווי א מאמע מיט אן עלטער קינד.

— ער געהט צו זרח'ן, וועט עפעס זיין מיט אסתר'ן, האט ער אימיצען צוגעגרייט אין דער וועלט און וועגען אלץ האט איהר זיך איצטער אזוי שטארק געוואלט וויסען, האט זי אנגעשטעלט אויף איהם איהרע גרויסע אויגען און געבעטען מיט זיי ער זאל איהר זאגען. יצחק האט געשוויגען, גאר אויסגעמיטען איהרע בליקען. און פרעגען איז איהר שווער געווען, האט זי אנגעגאסען א גלאז ביר און דערלאנגט איהם:

— טרינק מיין קינד — האט זי געלאכט — גאט זאל געבען, מ'זאל אויף דיין חתונה טרינקען. נו וואס מיין

זוהן? — האבען זיך ברייט אויפגעעפענט דער מאמעס אויגען און איהר האט זיך אזעלכעס געוואלט זאגען, ווענען וואס זי האט נאך קיינמאל מיט קיין קינד ניט גערעדט.

— צו מיר אויף דער חתונה וועל איך דיך געוויס בעטען — האט יצחק א שמייכעל געטהאן און אויסגעטרונ־קען די ביר.

לאה'ן איז שווערער געווארען אויפ'ן הארצען, ווי יצחק וואלט איהר אבגעזאגט אין איהרער א בקשה און זי האט אליין ניט געוואוסט, וואס ווייטער צו ריידען.

— אסתר'ן, אסתר'ן — האט זי איבערגע'חזר'ט אין זיך — אפשר גאר ניט, ווי ניט וואלט ער געזאגט, האבען אנגעהויבען צושווימען איהרע ליכטיגע האפנונגען און זי איז אן אומעטיגע געבליבען שטעהען לעבען טיש, און איהר גאנצער לעבען איז לאה'ן פלוצלונג אזוי פוסט געווארען.

פסח איז די גאנצע צייט ניט אבגעטראטען פון יצחק'ן געלאסטשעט זיך צו איהם, ווי א הינטעל, געקוקט אויף איהם און געוואלט טרעפען, צו יצחק וועט איהם טאקע נע־מען מיט זיך. דא, אין שטוב איז איהם שווער צו ריידען וועגען דעם, האט ער יצחק'ן אלץ גערופען אין גאס, גע־מורמעלט שטיל:

— דארטען, איך וועל דיר בעווייזען, דערצעהלען און געצויגען פאר'ן ארבעל, ביז'ל וואנען ער האט ארויס־געמאניעט יצחק'ן פון שטוב.

י״ך

אין דרויסען האָט פּסח ניט געגרעדט מיט יצחק'ן ווע־
גען זיין אוועקפאָהרען. איצטער איז איהם גוט געווען דאָ,
ביים טאַטען אויפ'ן הויף, און ער האָט וועגען קיין אנדער
זאך ניט געטראכט. ער האָט א צופריעדענער דערצעהלט
יצחק'ן פון דאָרף, ווי די גוים מאכען אויף פּסח גרויסע הוי־
דעס, פלעכטען אויס די שטריק פון ריטער און היינגען זיי
אויף אויף אלטע רעדער; יעמיאלט פערליבען זיך די שקצים
אין די שיקסעס.

— פון זייערע חתונות, אז מ'זעצט אוועק דער כלה
אויף א דייזשע, איידער זי פאָהרט אין קלויסטער צו דער
חופּה און די „סוואטעס" טהוען זיך אָן אין ווייסע האנטו־
כער.

פון זיינע רביים, אז איינער האָט פערטייטשט:
„פּעטשקא טאפּיטסיא" — אן אייוועלע טרינקט זיך. דער־
פאר האָט איהם די מאמע אוועקגעשיקט, און פון יעמאלט
אָן האָט מען קיין אנדערען ניט גענומען.

און אז די מעשיות האָבען זיך ביי פּסח'ן אויסגענו־
מען, האָט ער אליין אויסגעטראכט און דערצעהלט יצחק'ן,
ווי ער איז אמאָל געפאָהרען ביינאכט און „פּליטניקעס זיי־
נען אויף איהם אָנגעפאַלען, אָדער — אז עפּעס א ווייסענ־
קעס האָט איהם איינמאָל בעגלויט ביז'ן שטוב, און ווען ער
וואָלט ניט א מאך געטהאָן מיט'ן האנד, וואָלט עס איהם

דערשטיקט, אזוי זאָגט יאנקעל פּאדלאנקער.

אז ער האָט אמאָל ארויסגע׳גנב׳עט ביים אקציזניק די ביר, וואָס ער האָט ביים טאָטען צוגענומען און אוועקגעשטעלט אויף׳ן זעלבען אָרט פלעשער מיט קוואס. דערנאָך, אז מ׳האָט געבראכט צום משפט די פלעשער און דער ריכטער האָט דערזעהן, אז דאָס איז קוואס, האָט ער זיך אויסגעלאכט. און דעם אקציזניק האָט מען דערפאר אבגעזאָגט פון זיין שטעלע. אָדער, אז ער איז אמאָל אנטלאָפען מיט א סנאָפּ שטרוי אין א זעקעל, ווען רער אקציזניק איז געקומען. ער האָט געמיינט, אז מ׳טראָגט דאָס אַרויס דעם בראנפען פון שטוב, האָט איהם דער אקציזניק אנגעהויבען נאָכיאגען. דערווייל\u05bfע האָט מען דעם בראנפען פארבעהאַלטען, און ווען פסח איז אבגעלאפען ווייט פון שטוב, האָט ער ארויסגעשטעלט דעם צונג און בעוויזען איהם, אז דאָס איז שטרוי...

און אזוי רעדענדיג האָבען זיי גאר ניט געפיהלט, ווי זיי האָבען זיך דערווייטערט פון שטוב, אריבער דעם בריק און אַרויס אויפ׳ן וויהאָן.

דאָרפישע פערד און בהמות פיטערען זיך רוהיג אויף איהם; אָהן א פּאסטוך געהען זיי פריי ארום. קליינע שיקסעס, שקצים מיט געפלאָכטענע קאשיקעס און לאנגע בייטשען לויפען ארום איבער׳ן גראָז, שפּיעלען זיך, לעגען אויף פייער, קלייבען האָלץ פון וועג, ברעכען צווייגען פון די ביימער און מאכען גרעסער דעם פייער. דערנאָך לויפען זיי צום טייך, געהען אריין אין וואסער, פּאליושקען זיך לעבען ברעג, אָדער שווימען אוועק ווייט און קומען צוריק צו געהן מיט׳ן ברעג, ווארפען זיך ווידער אריין אין וואסער און לאָזען זיך ווייטער אוועק...

אונטער'ן אויסגעבויגענעם האַריזאָנט פינטלען שטן'ס פון די אַרבייטער אויפ'ן פעלד. וועד רייסט די פערשפּע־טיגטע קערנער, אַנדערע קלייבען צונויף די צווייטע היי; ערגעץ טרייבט אַ גוי זיין דאַרען פערדעל אונטער'ן אַקער, בעגלייטענדיג אומעטיג די מחנות פויגלען, וואָס איילען זיך אין מזרח.

און קוקענדיג אויף זיי זעהט דער גוי פאַר זיינע אויגען דעם קאַלטען ווינטער, וועלכער וועט פערשלייערען דעם אָבגעקראַכענעם פּנים פון דער ערד.

פסח האָט פון ווייטען דערזעהען רחל'ען, זי איז גע־זעסען אַ פערהוויינטע און געוואַשען די אויגען אין טייך און געקוקט אויף איהר שטן אין וואַסער. ער איז אַנטלאָפען צו רחל'ען און געבראַכט איהר צו יצחק'ן. יצחק האָט איהר איינגערעדט, אַז שוואַרצע אויגען זיינען שעהן:

— דו וועסט גיכער קריגען אַ חתן.

— ניין, ער וועט ניט וועלען! האָט פסח געלאַכט. רחל האָט געוואָלט אַנטלויפען פון זיי. יצחק האָט איהר דער־יאָגט און בערוהיגט.

— זאָג איהם, איך בין אַ שעהנע מיידעל, איך וועל קריגען אַ חתן פון וואַרשא, און וואָס, ער? ער וויל דאָך ווערען אַ „האַנוטשניק“, שרייען:

— באַבי האַנוטשי!

— ניט דאָס וויל איך! — האָט פסח אויסגעשריען:
— איך וועל אַוועקפאָהרען.

רחל האָט זיך בערוהיגט און הערט זיך צו ווי יצחק רעדט איהר איין, אַז שוואַרצע אויגען זיינען שעהן און זי איז זעהר אַ שעהנע מיידעל, אַלע זאָגען אַזוי, און פסח דער־

צעהלט, ווי אזוי די גוים האבען צוגענומען ביים פריץ דעם וויהאן:

— און הויכע פאפאחעס, אזעלכע הויכע — נעהמט ער פארנאנדער די הענט — אז מ'האט זייער פנים ניט ארויסגעזעהן, זיינען זיי אראבגעקומען פון דער מלחמה. ביקסען מיט שווערדען געבראכט פון דארטען און אנגעהויבען ריידען, אז דער וויהאן איז דעם דארף'ס.

— מ'האט שלעכט געטהיילט — האבען די גוים געשריען — אונזערע זיידעס האט מען אבגענארט, פאר א צובער בראנפען אבגעקויפט. יוזעפקע פלעגט זיך אנטרינקען ביי אונז, פאלען פון די פיס, ארומגעהענדיג איבער'ן דארף און ריידען:

— אזוי האט מען געמאכט מיט אונזערע זיידעס — און דאס גאנצע דארף פלעגט שרייען:

— דארף מען צונעהמען!

זיי האבען אזוי לאנג גערעדט, ביז'ל זיי האבען אין איין טאג ארויסגעטריבען זייערע בהמות מיט די פערד אויפ'ן וויהאן.

— פאר'ן אקאנאם אפילו ניט געשראקען זיך — ווערט פרעהליכער רחל.

— אהא דאס גאנצע דארף איז ארוים מיט די ווייבער, מיט די קינדער מיט אטאסעס און מיט פלעקער, מיט ביקסען און זיי האבען אזוי געשריען, אז אזש אין באביע האט מען דערהערט און פון דארטען זיינען אויך געקומען די גוים.

דער אקאנאם האט ניט גע־אוסט וואס צו טהאן, האט ער אנגעזאגט דעם פריץ און מ'האט ארויסגעשיקט

אהער סטראזשניקעס מיט אוראַדניקעס, מ׳זאָל בינדען די גוים.

די גוים האָבען אויפגעלעגט א גרויסען פייער און גע־וואָלט אונטערצינדען דעם הויף, די בהמות האָבען זיי ניט צוגענומען פון וויהאַן און די סטראזשניקעס האָבען גאר נישט געקענט טהאָן, האָט מען זיי אָנגעהויבען שרעקען אז דער גובערנאַטאָר וועט קומען מיט הארמאטען.

יצחק קוקט זיך איין אויף ביידע קינדער, ווי שעהן פסח דערצעהלט, זשאָלעוועט, וואָס ער ווערט פערפאלען דאָ אין דאָרף, דריקט איהם צו צו זיך און פרעגט:

— נו, און דער גובערנאַטאר איז געקומען?

— ער קען נאָך קומען — ענטפערט רחל — דער אוראדניק אליין האָט געזאָגט פאראכטאָגען דעם טאטען; איך האָב געהערט.

— ער וועט פלוצלונג קומען — כאפּט אונטער פסח — און צובונדען זיי.

וואסיל, דער ניקאלאיעווסקי סאלדאט, אן אלטער ני־דעריגער גוי, דאָס הארץ בעהאנגען מיט מעדאלען, האָט זיי בעגעגענט, אבגעשטעלט פסח׳ן:

— וואוהין געהסטו דאָס, אַ דו ניעספינאק, פערד גנב׳ענען? — און ער נעהמט אָן פסח׳ן פאר׳ן אויער און בעגיסט איהם מיט זיין גוטמוטהיגען שמייכעל.

— און וואוהין געהסטו, זיידע? — וויל זיך פסח קלו־גען.

— אָ! איך מיין קינד טהוט ער א זיפץ — דאָ איז שוין ניטאָ קיין איין גרעזעלע, אויף וועלכער מיין פוס האָט ניט געטראטען, און איצטער געהט שוין מיין וועג אראָפּ,

אראפ, און דיינע — אויפ'ן בארג, אויפ'ן בארג — הויבט וואסיל אויף שוועד זיין האנט אין דער הויך.

— דאס איז מסתמא לאה'ס זוהן, דער „פאניטש?"
— פרעגט ער אויף יצחק'ן.

— יא, זיידע — ענטפערט מיט דרך ארץ יצחק.

— א היים געקומען, געדיענט מסתמא דעם קייזער? וואס איז אבער היינט פאר א דיענסט! דריי יאהר; פינף און צוואנציג יאהר האבען מיר אבגעדיענט דעם קייזער, ניקאלייי דעם ערשטען, איצטער ווייסען זיי אויך פון דיענסט; ! מיר פלעגען אבשטעהן טעגווייז אויף איין פוס „פאד קאזיראק".

— איצטער איז גאר אנדערש — ענטפערט יצחק און ער וויל, אז וואסיל זאל ווייטער דערצעהלען.

— א, ניין, סיינקו! ניין, ניין — זיפצט וואסיל — ניטא אמאליגע מענשען, ניטא גאר ניט, אפילו די בלא־טע איז אויך ניט די זעלבע; אמאל זיינען דא געווען הויכע, הויכע אייר מיט גרויסע קוסטען. די פראנצויזען האבען זיך דא בעהאלטען, דער טייך האט אפילו אנדערש גע־פלאסען, אביסעל ווייטער, ברייטער; אט דארטען א — ווייזט ער אן אויף א זומפ — האט א „פראקליאטע" באבע געטריבען ווייסע געגז, זיינען זיי אוועקגעשוואומען מיט'ן טייך. האט זי אנגעהויבען שרייען הויך, ווי א בורע, ווי וועלף רעווען אין וועסנע:

— קום נאך מיר! קום נאך מיר! — האט זיך דער טייך גענומען אלץ לינקער און לינקער און געבראכט איהר די געגז, און פון יעמאלט אן איז ער געבליבען דא אויף שטענדיג.

— אזעלכע האבען אבער ניט קיין גוטען סוף, מיין

קינד. — ווערט וואסיל'ס פּנים ערענסטער — פון איהר איז קיין געדעהעניש ניט געבליבען; קיין קינדער אפילו ניט געלאָזען. איז אמאָל געווען אזאַ לעבען? אַ, אַ, — קוקט ער אויף די קינדער, וואס טרייבען א היים די בהמות — ווען איך בין אזאַ געווען, האָב איך שוין געדיענט דעם פּריץ; א יתום געבליבען; דער טאַטע האָט איבערגעלאָזען צו עלף יאָהר. פאַחרט דורך איינמאָל קאזלאווסקי; — דער אלטער האָט נאָך געלעבט, געווען א „פּאניטש" — און זעהט מיך אקערען.

— עה — זאָגט ער — גאלגאניע, דו קענסט פאר זיך ארבייטען, קענסטו אין הויף אויך אבגעבען.

— וואָס ווייסען זיי היינט? — קוקט וואסיל אויף די קינדער און קלייבט זיך נאָך עפּעס צו דערצעהלען.

פּסח'ן פּערדריסט למי דער אלטער גוי' האָט זיך אריינגעמישט און לאָזט איהם ניט ריידען. ציהט ער איהם פאר'ן פּאלע, נעהמט צו דעם שטעקען און פרעגט איהם מיט פּערדרוס, ווען וועט ער שוין אוועקגעהן.

— איך וועל געהן מיט'ן „פּאניטש" — ענטפערט וואסיל — דורכשמועסען זיך מיט איהם, א דו ניעספּינאַק לאָזט ניט צו רוה אן אלטען מאַן.

— פּארוואס טשעפּעסטו איהם? — בעמערקט יצחק.

פּסח פערשעהמט זיך, ווייסט ניט וואָס צו ענטפערען, איהם איז אומעטיג צו געהען מיט זיי און ער אנטלויפט אַ היים.

אויפ'ן וויהאָן טרייבען די שקצים די טשערעדע אַ היים.

— וועט זיך דערטרינקען! — שרייט א שגץ און

כאפּט זיך שלאָגען צו זיין חבר, פאַרוואָס ער האָט געלאָזט געהען די בהמות מיט'ן טייך.

— אַ גרויסער וואסער קומט אָן! — לויפט איינער פון ארויף טייך — לאָז ניט געהן!

און מ'האָט צונויפגעטריבען די בהמות מיט די שעפּ־סען אין איין ווינקעל און מ'שרייט צו די איבעריגע פּאס־טוכער, אז זיי זאָלען פערהאלטען זייערע בהמות. און דער טומעל איז אַזוי גרויס פון די פּאסטוכעס קולות און פון דעם מעקען פון די בהמות, אז ס'דוכט זיך, די בלאָטע טריי־סעלט זיך פון זיין שווערקייט. לעבען טייך קריגען זיך נאָך אַלץ די שקצים, פאר וואָס מ'האָט געלאָזען די פּאָר בהמות געהן דורכ'ן טייך. אלע קוקען אויף דער קליינער רויטער בהמה'לע, וואָס ראנגעלט זיך מיט'ן וואסער. איהר עק איז שוין איינגאנצען איינגעזונקען, דעם קאָפּ אבער ציהט זי אויס אין דער הויך, קוקט אזוי רחמנות'דיג אויף די מענ־שען און בעט זיך, מ'זאָל איהר ראַטעווען.

און דער שטרוים וואסער טרייבט איהר אַלץ נעהנטער צום גרוב.

— טרינקט זיך! — שרייט אויס איינער. א צוויי־טער ווארפט אראב פון זיך די היטעל, צלמ'ט זיך איבער און ווארפט זיך אריין אין טייך.

— אָט האָט ער זי שוין אָנגענומען פאר די הער־נער און שלעפּט זי צום ברעג.

— זעץ זיך רייטענדיג! — שרייט מען פון ברעג.

אין דאָרף איז געוואָרען לעבעדיגער, די גוים זיינען שוין געקומען פון דער ארבייט, און דער טומעל

וואקסט פון די קליינע הייזלעך. פינסטערע פענסטערלעך, פערשטיקטע שפארונעס, הויבט זיך אויף אין דער הויך, וואקסט איבער דעם דאָרף, פערשפרייט זיך איבער די פעל־דער, גיסט זיך צונויף מיט די אבגעריסענע טענער פון די פעלד־ארבייטער, וואָס טרינקען זיך אין דער אונענדליכ־קייט צוזאַמען מיט דער אבשטארבענדער זון. דער האלב קיילעכדיגער הימעל האָט זיך אראָבגעלאזען מיט זיינע ברעגען אין טייך, אנגעצונדען מיט זיין פלאם דעם וואַ־סער, פערשפרייט דעם בליאסק איבער די פעלדער, איבער די לאָנקעס, אויסגעגאָסען זיך אויף די שייערען.

אויפ'ן הויף, הינטער ישראל'ס שטיבעלע שטעהען צוויי פוהרען. זיי זיינען ניט לאנג געקומען פון פעלד און מיט'ן פייכטען רח פון דער אסיענענדיגער לופט גיבען זיי אָפּ. יצחק זאפט איין אין זיך דעם רח און קוקט זיך איין, ווי די צוויי גוים נעהמען אראָב די אויסגעגראבענע קאר־טאָפעל פון די פוהרען און שפאנען אויס די פערד. און איהם פערדריסט, למי האָט זיין טאַטע ניט אזעלכע פערד, ער וואָלט אויך אזוי אראָפּגענומען פון וואגען; געקומען אויף אלע זומער א היים, איינגעשפאנט די פערד און גע־פאָהרען מיט זיי אין פעלד.

— און אַזוי וואָס? — האָט זיך יצחק איינגעקוקט אויף דער טאַטענס קליינער שטוב און איהם האָט זיך אַזוי ניט געוואָלט אריינגעהן אינעווייניג.

ײ"ן

ביי ישראל'ן אין שטוב איז שטיל, קיין גוים קומען ניט. אלע זיינען זיי איצטער פערנומען ביי זיך אין דער היים. ישראל שטעהט א בארוויסער אהן א קאפטען, די ארבעל פון העמד פארנאנדערגעשפיליעט און טראכט ווע־נען לאה'ן:

— נעבעך אוועקגעשלעפט זיך א הונגעריגע צום אק־ציזניק, קושען זיינע פיס... און ער וואונדערט ווי אזוי קען זי דאס, ביי איהם וואלט דער צונג פערגליווערט געווארען, ווי ער וואלט נאר אריין צו איהם אין שטוב און ער וואלט קיין ווארט ניט געקענט אויסריידען.

— זי געהט אבער אומעטום, און פיהרט אויס..

ווערט ישראל'ן זיין ווייב נאך נעהנטער און ליעבער. און אין דער מינוט פערגעסט ער גאר אהן איהרע קולות, איז איהר אלץ מוחל. אזעלכע ווארימע געפיהלען וועקען זיך אויף ביי איהם צו לאה'ן; ער וואלט אזוי געוואלט הא־בען איהר איצטער לעבען זיך, עפעס רעדען...

ער געהט דורך עטליכע מאל די שטוב, בעקוקט די ער־טער וואו דער בראנפען ליגט בעהאלטען, צו ס'זעהט זיך ניט ארויס, און זעצט זיך צוריק אוועק לעבען טיש, פוילט זיך געפינען עפעס אנצוטהאן אויף די פיס.

— ווער זעהט דאס דא? אט אזוי איז שוין צעהן יאהר — טראכט ער — אז מ'שעהמט זיך פאר קיינעם ניט.

מ׳איז אבגעריסען פון דער וועלט און פון מענשען, מ׳ווייס ניט פון קיין שבת און פון יו״ט, נאָר סטעפּאַן און ווידער סטעפּאַן...

ראש חודש אלול האָב איך אריינגעקוקט אין א ספר, ווייס איך, אז איך בין א איד, און איהם נעהמט ארום א וועהטאָג פאר די קינדער, פאר וואס זיי האָבען ניט קיין רבי...

— אָט בלוקענאיעט ער זיך ארום — קוקט זיך איין ישראל דורכ׳ן פענסטער אויף זעליג׳ן — האָט קיין עין הרע ניט א גוט קעפּעל, אבער וואס, קיין קאפּיטעל תהילים אפילו ניט אבגעזאגט. איך, אין זיינע יאָהרען, האָב שוין אליין א לייענעס געמאכט, קלאָהר געווען אין תנ״ך, מען האָט מיר געזאָגט איין וואָרט — איך דעם גאנצען פּסוק. אויך געהאָדעוועט זיך ביי אָרימע טאטע־מאמען, אין שטאָדט אבער געוואוינט מיט חיים׳ס און אברהם׳ס קינ־דער גע׳חבר׳ט זיך, פון וועמען קענען זיי זיך דאָ אפּלער־נען? פון סטעפּאַנען?

און איהם פערדריסט פאר וואס פּסח לויפט ארום א פערשוויצטער אָהן א היטעל מיט די שקצים איבער׳ן הויף.

— ווי עשיו׳קע...

און ישראל פיהלט אליין ניט, ווי ער הויבט אָן קלאַ־פּען אין פענסטער און רופט איהם מיט כעס אין שטוב אריין:

—דו האָסט געדאַווענט מנחה? וואָס לויפסטו ארום? דו קענסט ניט נעהמען קיין ספר אין האנט?

און ער קען ניט שענקען פּסח׳ן פאר וואָס ער איז א גאנצען טאָג אין שטוב ניט געווען, האָט ער אראָבגענומען דעם פּאַס און אָנגעהויבען שלאָגען איהם. פּסח רוקט זיך

אריין אין א ווינקעל, נורעט איין דעם קאָפּ, שטעלט ארויס א פריהער די פּלייצע און קוקט שטיל און דערשראקען אויפ'ן טאַטען.

יצחק איז אריין אין שטוב, דערזעהן, ווי דער טאַטע שלאָגט פּסח'ן מיט אַזאַ רציחה. דער איינגעל שרייט ניט, גאָר קוקט מיט קעלבערישע אויגען אויף ישראל'ן, ווי איהם וואָלט גאָר ניט וועה געטהאָן — איז ער א צוטומעלטער צוגעלאָפען און צוגענומען פּסח'ן פון טאַטען.

— פארוואס שלאָגסטו איהם? — האָט יצחק גע־פרעגט.

— טאַקע פארוואס האָב איך איהם געשלאָגען? — האָט ישראל אָוועקגעוואָרפען דעם פּאַס, זיינע הענט האָ־בען זיך אראָבגעלאָזען, ווי פער'חלש'טע — הארעוועט נע־בעך, געהט אבגעריסען, וואס פאר א פערגעניגען האָט ער ביי מיר; א קינד, קען זיצען אין שטוב — האָט ישראל גע־טראַכט, שטעהענדיג לעבען טיש און איינגעקוקט זיך דורך'ן פענסטער אויפ'ן הויף, ווי די ארבייטער געהען אַ היים. און רחל זיצט לעבען שטוב און זינגט צוזאמען מיט זיי, מיט'ן זעלבען קול.

— קען מען דערקענען אז דאָס איז אַן אידיש קינד? דער זעלבער ווילדער קול, טופּ מיט'ן פּוס ווי ביי האנוליען. דערפאר האָב איך פּסח'ן געשלאָגען — פערענטפערט ער זיך פאר זיך אליין, — און אז איך וועל זי אויך שלאָגען, אריינגעהמען אין שטוב, וועט דאָס העלפען? ווערט ישראל'ן אַזוי שווער אויפ'ן הארצען...

פּסח האָט זיך צוגערוקט צו יצחק'ן. שטאַלץ האָט ער זיך געפיהלט מיט דעם, וואָס יצחק האָט איהם צוגענומען און דער טאַטע קען איהם מעהר ניט שלאָגען. און געפיהלט

האָט ער איצטער ריכטיג, ווי יצחק וואָלט איהם פון דאנען צוגענומען. פון די געדאנקען איז איהם גרינגער געוואָרען. ער האָט פערגעסען אָן דעם טאַטענס קלעפּ. די גאנצע שטוב איז איהם פרעמד און איבעריג געוואָרען און ער איז מיט יצחק׳ן ערגעץ ווייט, ווייט, אין די גרויסע שטעדט...

אין שטוב איז שוין טונקעל; דער אבענד האָט זיך דאָ פריהער אנגעהויבען ווי אויפ׳ן גאס. אין דרויסען איז נאָך די זון געשטאַנען הויך, א סך העכער, איבער די דעכער פון די הויף־שייערען און בעגילט ארויפצוצו די שפּיצען בערג; ביי ישראל׳ן אין שטוב האָט זי זיך שוין אויסגעצויגען ווי א שמאָלער פאַס אויפ׳ן אויוועז און גלייך אויסגעגאנגען.

אלע קינדער האָבען זיך צונויפגעקליבען פון גאס, לאה איז שוין אויך געקומען פון אקציזניק; זי זיצט אין א ווינ־קעל און בעקוקט איהרע בארוויסע פיס, ווי זי האָט זיי צוקלאפּט און מאכט ביי זיך אָפּ, אז זי וועט שוין מעהר ניט אָנטהאָן דעם מאָן׳ס שיך. אין שטוב ווערט נאָך טונ־קעלער שעמט מען זיך אנצינדען. קומט יעדערער אויס נאָך פערטרויערטער. עפּעס ווי איבעריגע דרעהען זיי זיך ארום איבער׳ן שטוב. ישראל געהט ארום און טראכט, אז ס׳איז ניטאָ וואס צו טהאָן; היינט נאָך קיין גלדן אפילו ניט גע־לייזט, און פלוצלונג האָט ער דערפיהלט, אז זיין געזינדעל איז אזוי גרויס און די שטיבעלע איז צו קליין פאר זיי... ער האָט שוין א טאכטער חתונה צו מאכען, זעליג׳ן קען מען ניט אבגעבען צו קיין רבי, אפילו ער זאָל האָבען מיט וואָס; צו גרויס צווישען עברי־קינדער; אין דער ישיבה — קען ער

נאָך גאר ניט... וואָס וועט פון איהם אויסוואקסען דאָ אין דאָרף; וואָס א טאָג ווערט ער אלץ עלטער; אפשר וואָלט איהם יצחק צוגענומען צו זיך?

לאה קוקט אויף יצחק'ן און קלערט, וואָס וועט זי איהם געבען עסען, אליין קומט מען אויס ווי ס'איז. און זי האָט זיך פערטראכט וועגען וואסיל'ס אקסען, — אפשר הייסען איהם ברייננגען זיי, וועט דערווייל זיין א שטיקעל פליישׁ אין שטוב...

יצחק קוקט זיך איי זאויף די אומעטיגע פנים'ער פון די שטוביגע און פאר איהם ציהט זיך אויס נאָך אן אומעטיגערער אבענד. ווידער גוים, קולות, און א טיעפער וועהטאָג נעהמט איהם ארום. שווער איז איהם צו בלייבען דעם אבענד אין דער היים. דאָרטען, ביי זרח'ן, האָט ער געוואוסט, ווארט אויף איהם אסתר. קוקט איהם אויס פון גאנעק, געהט אריין אין וואלד, דערשרעקט זיך פאר'ן פארנאכטיגען שטן פון די ביימער און קערט זיך אום צוריק.

נאָך שווערער איז איהם אבער צו זאָגען די שטוביגע, אַז ער געהט אוועק פון דער היים. האָט ער זיך שטיל ארויס גערוקט פון שטוב. קיינער האָט עס ניט געזעהן, חוץ פסח'ן, וועלכער איז אויך ארויס נאָך איהם. מיט א צווייגעל אין האנט איז ער נאָכגעלאָפען א בארוויסער נאָך יצחק'ן, טריי ארייננגעקוקט איהם אין די אויגען, געוואָלט טרעפען, וואָס טהוט ער ביי זרח'ן, ווי נעהמט מען איהם צו דאָרטען; צו מ'לאָזט איהם אריין אין די הינטערשטע צימערען...

און מיט דעם וואס יצחק נעכטיגט און פאדליעשוק פאָהרט מיט זרח'ן אין זיין בריטשקע, איז ער נאָך גרעסער געוואָרען אין פסח'ס אויגען און נאָך שטארקער האָט זיך

איהם פערוואַלט אוועקפאָהרען אין די גרויסע שטעדט; ער וועט אויך געהען צו זרח'ן, און מ'וועט איהם אויך צונעהמען אין די הינטערשטע צימערען — האָט פסח גע־טראַכט, פערדייסענדיג דעם קאָפּ צו יצחק'ן.

זיי זיינען ארויס הינטער'ן דאָרף; פסח איז מיעד געוואָרען, נאָכלויפענדיג נאָך יצחק'ן און ער האָט זיך אָנ־געהויבען אבשטעלען. מיט זיך איהם נעהמען האָט יצחק ניט געוואָלט און א היים שיקען איהם, האָט ער אויך ניט געקענט, האָט ער זיך אוועקגעזעצט אויף א שטיין און בער־טראַכט זיך, וואָס זאָל ער טהאָן.

און ניט ווילענדיג האָט ער אויסגערעדט:

— דו געהסט אויך פסח?

— ניין, איך געה יט — האָט ער פויל און פעראו־מעטיגט געענטפערט.

— ווערסטו זאָגען אין שטוב אז איך וועל ניט קומען א היים נעכטיגען.

פסח האָט איהם גאר ניט געענטפערט, געמאַכט מיט זיין צווייגעלע א פּאָר פּאסעקלעך אויפ'ן זאמד, אראָפּגע־לאָזען דעם קאָפּ און אוועקגעגאנגען א היים. און ווען ער האָט זיך אומגעקוקט צוריק און דערזעהען, אז יצחק איז שוין אין וואלד אריין — האָט איהם ארומגענומען אזא גרויסער וועהטאָג און אומעט, — ווי ער וואָלט אין דער מינוט דערפיהלט, אז יצחק איז שוין אַוועקגעפאָהרען און האָט איהם ניט מיטגענומען — און ער האָט זיך שטארק, אויפ'ן קול פארנאַנדערגעוויינט און אנטלאָפען א היים.

## י"ח

דאַבע איז געקומען א מ׳רע פון דאָרף. און דערזע־
הענדיק, אז יצחק איז ניטאָ, איז איהר אזוי אומעטיג געוואָ־
רען, אז זי איז אפילו ניט געגאַנגען עסען.

— אַוועקגעגאַנגען צו אסתר׳ן — האָט זי זיך אוועק־
געזעצט אויפ׳ן שוועל פון פאָרהויז און פערטראַכט זיך וועגן איהר אייגענעם לעבען, איבערגעצעהלט איהרע יאָה־
רען: „פיער און צוואַציג, שוין פינף און צוואַנציגסטער,
ניט לאַנג געווען אכטצעהן, דער פּנים איז אַזוי פול געוואָ־
רען, די באַקען הייגגען אראָב, און איך זעה נאָך אוים על־
טער, ווי איך בין. גראָב — און א גאַרסעט שווער צו געהען
— אָהן איהם קען מען זיך ניט בעוויזען פאר לייטען. און
וואָס וועט זיין — זעהט זי פאַר זיך ברכה׳ס אַלטע מוידען
— כאָטש שטעל זיי אַלעמען אין איין טאָג אונטער דער
חופּה. ווי לאַנג האָט זי פון זיי געלאַכט, איצט איז זי שוין
אַליין אויך אַזאַ. און דאַבע האָט קיין אויסגאַנג ניט געזעהן
פון איהר לעבען: שטענדיג זיצען צווישען די גוים... און זי
האָט דערפיהלט די בליקען אויף זיך, מיט וועלכע מ׳בעגע־
גענט ברכה׳ס טעכטער, ווען זיי געהען ארוים אמאָל שבת
שפּאַצירען.

א קנאה האָט זיך אין איהר אויפגעוועקט צו יצחק׳ן
— ער איז אַוועקגעפאָהרען, ניט געוואָלט זיצען אין דער
היים. און זי דערמאָנט זיך, ווי זי האָט געוואַשען זיינע

וועש — פופּצעהן יאָהר אַלט געווען יעמאָלט, געקענט נאָך פאַהרען: אַ ברייטע וועלט, אַ מיידעל אבער.. אזוי וועט זיין מיט רחל'ען אויך: נישט־קשה פסח מיט זעליג'ן וועלען דא ניט זיצען; זיי וועלען אוועקפאָהרען, נאָר מיר דארפען דא פינסטערען, און דאַרטען — האָט זיך פאר דאָבע אויסגע־מאָלט אזאַ ליכטיגע וועלט און מיט יעדער יאהר, האָט זי געפיהלט, ווערט אַלץ מעהר אבגעשניטען דער וועג אהין. איז זי אריין אין שטוב, ארויסגענומען פון יצחק'ס קעשעל זיינע בילדער, ארוים מיט זיי אין שפּייכלער, אנגעצונדען דאַרטען פייער און גענומען בעקוקען זיי:

יצחק אין פערשיעדענע פּאָזעס: אליין, אין גרופּעס מיט בחורים און מיט מיידלעך. געוואָלט האָט זיך איהר טרעפען ווער איז זיינע, ווענסען האָט ער ליעב געהאט און זי האָט געזוכט אפשר וועט זי געפינען איהם אליין מיט אַ מיידעל...

און אַלע בחורים, וואָס זענען אויף די בילדער, לעבען אין דאָבעס אויגען, זי זעהט זייערע בעוועגונגען, הערט זיי רעדענדיג, און זי האָט אזוי געוואָלט זיין נאָהענט מיט אי־מיצען פון זיי, ריידען מיט איהם. זי וואָלט איהם געגלעט, פאר די האָר געהאַלטען, און איהר וואָלט אזוי גוט געווען...

דאָבע האָט אבער געוואוסט אז קיינער פון זיי וועט צו איהר קיינמאָל ניט קומען און זי האָט זיך אזוי ביטער פארנאנדערגעוויינט אויף איהר מזל, אויף איהרע יאָה־רען.

— אַט איז זי שוין דרייסיג יאָהר, די מאַמע רעדט איין, זי זאָל חתונה האָבען מיט אַן אלמן, ווי חיה ברכה'ס, און וואָס קען זי אנדערש טהאָן, בלייבען זיצען ביז'ן גרויי־

ען צאַפּ. וואס איז זי אסתר זרח'ס, דער טאַטע האָט די טויזענדער?

סיידען סטיאפּע — האָט זי א טרייסעל געטהאָן זיך פון דעם געדאנק, ארויסגעלאָפען פון שפּייכלער און אָנגע־הויבען ארומדרעהען זיך איבער'ן שטוב. געמאכט פאר זיך א הערינג, אנגעשטעלט דעם סאַמאָוואר, זי האָט אבער גאר ניט געגעסען.

סטיאפּע דער טעלעגראפיסט — דעם שרייבער'ס זוהן — איז ניט ארויס פון איהרע געדאנקען, ווי ער קומט אלע טאָג, קויפט פאר זעקס קאפּיקעס פּאַפּיראסען, קוקט, קוקט אויף איהר רערט אויס א פּאָר ווערטער און געהט אוועק.

דאָבען דוכט, אז סטיאפּע רייכערט גאר ניט, נאָר ער קויפט אזוי די פּאַפּיראָסען, דערנאָך צוגיט ער דאָס די דארף־גוים. זי ווייס אז איצטער זיצט ער ביי טאַראַ־סען אין גארטען און שפּיעלט אויף זיין פייפעל. און איהר ציהט אזוי אהין.

— ניין, ניין, — חזר'ט זי אלץ איבער און פּרובט עפּעס טהאָן אין שטוב.

אין קאָפּ פּלאָנטערען זיך אבער די געדאנקען. ווען זעהט זי דאָ אנדערש, ווער קען קומען אהער? און זי פערטראכט זיך, אז מ'דארף ארויסטראגען די בראנפען; דורך די „זאהומענעס" וועט זי געהען, וועט איהר קיינער ניט זעהן.

זי טהוט א קוק אין שפּיגעל, דער פּנים איז פערררויטעלט און זי זעהט אויס שעהנער; פערקאמט זי בעסער די האָר און פרעגט ביים טאַטען:

— מ'דארף ארויסטראגען די בראנפען?

— זאָל זיין דאָ — ענטפּערט לאה — קיינער וועט ניט קומען.

— ניין, אימיצער קען נאָך אָנפּאָזרען — שפּארט זיך איין דאבע — איך וועל דאָס ארויסטראגען אונטער'ן פאטשיילע.

אין דרויסען איז פינסטער, און שטיל ווי די נאכט גנב'עט זיך דאָבע א בארוויסע איבער די פּלויטען, קריכט אריין צו טאראסען אין גארטען. די צווייגען פון די בוי־מער האָבען דאָבען איינגעקוטעט אין דער פינסטערניש און זי זעהט קיינעם ניט. צו איהר אויער דערטראגען זיך נאָר די טענער פון סטיאפּעס שפּיעלען.

— מ'זאָגט אז ביז האלבע נאכט שפּיעלט ער אזוי— שטעהט דאָבע און טראכט און וויים אליין ניט וואָס צו טהאָן.

די צווייגען האָבען זיך א שוהאיע געטהאָן, אויפגע־דעקט סטיאפּעס ווייסע היטעל, און ווידער איינגעשלונגען איהר. דאָבע איז צוטומעלט געוואָרען.

— נאָך וואָס איז זי אהער געקומען ? — איהר לייב האָט אָנגעהויבען ציטערען, האָט זי אוועקגעוואָרפען די בראנפען און אנטלאָפען אהיים.

## י"ט

יצחק ליעגט מיט אסתר'ן אויפ'ן גראז, ניט ווייט פון וואלד. פאר די אויגען ציהט זיך א לאנגער, ברייטער פעלד, דער הימער א גרויסער הענגט איבער זיי און שווינדעלט מיט זיין קלארקייט אין די אויגען. און ס'דוכט, אז אט לאזט ער זיך אראב אויף די פעלדער און די וואלקענס צוגיסען זיך איבער גאטעס וועלט און צושווימען צוזאמען מיט די קליינע בערגלעך, וואס פינטלען זיך פאר די אויגען.

יצחק האט זיך עטליכע מאל איבערגעדרעהט איבער'ן פעלד, אויסגעצויגען די הענט, ווי ער וואלט געוואלט כאפע די קליינע שטיקלעך וואלקענס, וואס האבען ארומגעשוואוימען איבער איהם. געפרובט אויפשטעהן, נאר באלד האט ער זיך אויסגעצויגען צוריק. נאך מיט מעהר פרישקייט, צוגערוקט זיך צו אסתר'ן און געקוקט אין דער קלאהרער ווייטקייט אריין, אויף די רויטע פלעקען פון דער זון, וואס האבען זיך צוגאסען איבער'ן פעלד, אויף די שפיצען פון די וואלד־בוימער אויף אסתר'ס שלאנקען קערפער, וועלכער איז געלעגען פריי אויסגעצויגען לעבען איהם. ארום און ארום איז אזוי שטיל, מ'זעהט קיינעם ניט, און ס'דוכט, אז קיינער וועט אהער קיינמאל ניט קומען. די פאר פליגעלעך וועלען זיך אויך אזוי לאנג ארומדרעהען דא, אין דער ווייטער ברייטקייט, ביז'ל וואנען זיי וועט דערעסען און זיי

וועלען ערגעץ דערטרינקען זיך צווישען הימעל און ערד.

און ווי הויכע בערג איז געוואקסען די רוהיגקייט פון די פעלדער און פערבעהאלטען אין זיך יצחק'ן מיט אסתר'ן, און גערופען און געמאניעט האט די שטילקייט יצחק'ן צו עפעס, געמאכט שטארקער און ברייטער זיין ווילען. האט ער געהנטער צוגערוקט זיך צו אסתר'ן. מילד און שלאנק האט זי זיך אויסגעצויגען לעבען איהם און איהר ווייכען קערפער איבערגעבויגען איבער איהם.

פארנאכט צו.

אסתר ליעגט א מיעדע אויפ'ן פעלד, אביסעל אב־גערוקט פון יצחק'ן, און טראכט, אז זי איז זיין כלה.

און איהר לעבען ווערט אזוי פול און בענוגענט. זי פוילט זיך ווייטער צו טראכטען, חזר'ט מעהר ניט אי־בער: — מיינער, מיינער, און דרעמעלט איין.

יצחק האט זיך פלוצלונג א הייב געטהאן, אוועקגע־זעצט זיך און א ווייל פערטראכט זיך. בעקוקט דעם פאר־נאכט, ווי דער הימעל איז רויט געווארען און ווי גרויסע שטיקער פייער שווימען ארום די וואלקענס און צינדען אן דעם וואלד און ווי פייערדיגע אויגען קוקען ארויס די בוימער.

יצחק האט אבגעשטעלט זיין בליק אויף אסתר'ן; א מיעדע איז זי געלעגען. די בלוזקע צושפיליעט, דער קער־פער לויז און פויל. אויפ'ן פנים אזא זאטקייט, די ווינק־לען פון די ליפען פול מיט צופרידענקייט און דער שמאלער

שטערן איז איינגאנצען איינגעזונקען אין די האר.

— און זי וועט אויפשטעהן — האט ער געטראכט — וועט זי מיך בענעגענען מיט'ן זעלבען שמייכעל, וועלען א קוש טהאן אין די אויגען, אנהויבען דערצעהלען עפעס, איבער'חזר'ען דאס, וואס זי האט שוין דערצעהלט, ווארטען, אז איך זאל אנהויבען לאכען און זיין צופרידען מיט דעם. און אסתר צוזאמען מיט איהרע מעשיות איז יצחק'ן אזוי פרעמד און איבעריג געווארען, ווי א שווערע משה ארויפגעלעגט זיך אויף איהם. און איהם האט זיך אזוי עפעס געוואלט, ער האט אליין ניט געוואוסט וואס... האט ער זיך אויפגעהויבען א פערזארגטער און געוואלט אוועקגעהן איבער די פעלדער.

אסתר האט זיך אויפגעכאפט, טעמפ א קוק געטהאן אויף יצחק'ן, געוואלט עפעס זאגען, דערזעהענדיג אבער זיין פערכמורעטען פנים, האט זי זיך אזוי פערוואונדערט, ווי זי וואלט איהם ניט דערקענט און זי האט זיך פערשעמט וואס איהר בלוזקע איז אבגעשפיליעט. האט זי אבגעקעהרט זיך אן א זייט און פעריכט איהר בלוזקע.

— איך וועל ניט געהען צו אייך. — האט יצחק געזאגט.

אסתר איז רויט געווארען, ניט געוואוסט וואס צו ענטפערען. ניט פערשטאנען, וואס איז מיט יצחק'ן פארגעקומען, געזוכט, מיט וואס האט זי איהם געקענט בעליידיגען, פערטראכט זיך וואס האט די מאמע מיט איהם היינט גערעדט, זי האט אבער קיין זאך ניט געפונען, וואס ס'זאל איהם בעליידיגען — האט זי איבערגעפרעגט:

— און מארגען וועט איהר קומען?

יצחק האָט איהר גאר ניט געענטפערט, נאָר א שאקעל געטהאָן מיט'ן קאפּ, צוזעגענט זיך און איז אוועקגעגאנגען.

אסתר איז לאנג געשטאַנען, איינגעקוקט זיך אויף איהם, געוואונדערט זיך, למי האָט ער איהר קיין קוש ניט געטהאָן, געווארט אפשר וועט ער זיך אומקעהרען. דער־נאָך אוועקגעגאנגען א היים.

## כ.

יצחק איז ארוים פון וואלד. צוזאמען מיט'ן אבענד האט זיך איבער די פעלדער אויפגעהויבען א שווערער נע־בעל און געמאכט נאך אומעטיגער און טונקעלער דעם פאר־נאכט; פארדעקט דעם הימעל, איינגעשלונגען אין זיך דעם זונען־אונטערגאנג.

פון ערגעץ הערט זיך אן אבגעריסענער זינגען און צו־זאמען מיט'ן נעבעל ווערען די טענער צושוואומען איבער די פעלדער און ברייטען וועג.

שטיל און לאנגזאם געהט יצחק און צעהלט די פייער־לעך, וואס פינקלען פון ווייטען:

— אט האט זיך איינער פערלאשען, און אט זיינען צוגעקומען נאך א פאר פייערלעך, אויסגעצויגען זיך מיט זייערע לאנגע שפיצען אין דער טונקעלקייט אריין.

און ער טראכט וועגען אסתר'ן. א שווערען רחמנות רופט זי ארוים ביי איהם.

— זי זיצט איצטער נעבעך אליין אין קליין חדר'ל און וויינט. אלע שלאפען שוין, זי איינע איז נאך וואך.

און פערדראסען האט יצחק'ן, למי ער איז אוועקגע־גאנגען אזא ברוגז'ער. געצויגען האט איהם אסתר איצטער צו זיך מיט איהר אומעט און עלענדקייט, געוואלט האט ער זיין לעבען איהר, עפעס זאגען, אריינגעהמען איהר אין

זיינע אָרימס און בערוהיגען זי. ער האָט אָבער געפּיהלט אַז ער וועט מעהר ניט קענען קומען אהין.

און ער איז דאָ אויך איינער אליין אין דער פינסטע־רער נאכט, אַזוי עלענד ווי אסתר.

האָט ער אויסגעזוכט א יונג בוימעלע, ארומגעטאַפּט איהרע פייכטע צווייגען און אוועקגעזעצט זיך לעבען איהר. און פאר זיינע אויגען האָט זיך אָהן זיין ווילען אויס־געצויגען זיין גאַנצער לעבען.

— האָט קיין רבי ניט ווי זעליג, פאָהרט אוועק פון דער היים, טרעט אריין אין דער פּאַרטיי. באשקע א הויך מיידעל האָט איהם אגיטירט, געשראָקען זיך, דער טאַטע זאָל ניט דערהערען, און געהיילט זיך צוגרייטען פאר איהם ווערטשערע. די שווארצע מיידעל, וואס פלעגט קיינמאָל ניט אראָבנעהמען די אויגען פון איהם, ווען ער האָט גערעדט אויף פערזאמלונגען, דערנאָך פערפאלען ווערען... אָט בע־ווייזט זי זיך ווידער פאר זיינע אויגען מיט איהרע שווארצע האָר, אראָבגעלאָזען אויפ'ן שטערען, בעווייזט זיך און פער־שווינדט...

און אלע, וועמען ער האָט נאָר א טאָג געזעהן, מיט וועמען יאָהרען געלעבט, געהען איצטער דורך פאר זיינע אויגען. יעמאלט — אזעלכע העלדען — איצטער אַזוי אָרים און נאַריש. און ער פערשעמט זיך פאר זיך און פאר זיי, טהוט א מאך מיט'ן האנד, ווי ער וואלט זיי געוואָלט אב־טרייבען פון זיך...

— שרה און טאמארע שווימען אַרויס, צו ביידען גע־גאנגען, ביידען ליעב געהאט...

באשקע קלאָגט, ניטאָ וואוהין צו געהן, זינט מ'האָט

סקאַסירט די בירזשע, איהר פּנים איז אַלט געוואָרען און זי איז אַזוי מיעד...

— ביז צוויי אַזייגער אַבגעזעסען ביי ראַזען, געהערט ווי זי זינגט, געוואָלט איהר איינמאָל אַ קוש טהאָן, איז זי אין כעס געוואָרען... און אַלע זיינען יצחק'ן איצטער אַזוי פרעמד. ווערען פון איהם פערפאַלען און איהם ווילט זיך אויף צושווימען אַט ווי דער נעבעל איבער די פעלדער..

וואו האָט ער פאַר זיך אַן אָרט, וואַקסט אויס פאַר איהם די שטאָדט, דער טאַטע מיט די שוועסטער און ברי־דער און ער האָט מורא צו אַבטרעטען פון בוים.

— צו ווען וועט ער געהן? וואוהין זאָל ער קו־מען?

## כ"א

אביסעל נידריגער פון יצחק'ן איז אויפ'ן בארג געלע־
גען וואסיל סווינאבאי, געקוקט אויפ'ן דאָרף און גע־
טראכט, ווי וועט ער אויסזעהן, ווען ער וועט איהם אונ־
טערצינדען.

האנוליע וועט ארומשפרינגען איבער'ן דאָרף מיט די
ווילעס און שרייען:

— אונטערגעצונדען! אונטערגעצונדען! ברעכען די
הענט און וויינען אויף איהר שטוב, אויף איהרע חזרים.
זי האָט די ערשטע דערלאנגט די שטריק איהם בינדען, זאָ־
לען איהרע חזרים אויך פערברענט ווערען. ווי מאכט מען
אבער, אז דער פייער זאָל אויך גלייך ארומכאפען טא־
ראשוקען — האָט וואסיל געטראכט — אָט דער היצעל;
ער האָט דאָס צוזאמען מיט'ן ברודער געשיקט די בקשות
צום גובערנאטאר. ער וואלט אונטערגעצונדען דעם מיטען
דאָרף, זאלען זיי אלע פערברענט ווערען, האָט אבער וואָ־
סיל געזשאלעוועט לאה'ן, זי וועט זיך ניט קענען ראטע־
ווען. ער איז אפילו אין כעס געווען אויף איהר, פאר וואָס
זי וויל ניט קויפען די אָקסען. אין שטאָדט קען ער זיי
ניט פיהרען, מ'וועט נאָך כאפען, און זיי וועלען בלייבען
ביי זיינע שונאים... און ער האָט אויך געוואוסט, אז די
פינף רובעל האָט זי ביי איהם צוגענומען. ער געדענקט
אליין, ווי ער האָט אוועקגעלעגט אויפ'ן טיש און צוריק

ניט צוגענומען, פונדעסטוועגן האָט וואסיל רחמנות אויף לאה'ן:

— פון וואנען וועט זי לעבען, אויב זי וועט ניט אבנארען...

וואסיל פערגעסט באלד אָהן לאה'ן און ארבייט אויס א פּלאַן, ווי אַזוי זאל דאָס גאנצע דאָרף אבברענען, אפילו דעם „פּערדול" — דעם וואלד היטער — זאָל דער פייער ניט אויסמיידען. ב ייאיהם האָט וואסיל דעם ערשטען מאָל גע'גענב'עט די חזירים און ער האָט איהם צו דער פּאָליציי אָבגעגעבען.

— דערשטיקען איהם! נאָר וואס? — האָט וואסיל דערפיהלט, ווי ער וואָלט עפּעס א צוקראכענע זאך געהאל־טען אין האנד — זאָל ער לעבען.. אבער דעם דאָרף אונ־טערצינדען, מיינע הייזער וועלען ניט פערברענט ווערען.

פלוצלונג האָט וואסיל דערהערט אימיצען קאפּאישענ־דיג זיך אביסעל ווייטער פון זיך.

— מ'יאגט מיך! — האָט זיך וואסיל א טרייסעל געטהאָן, אויפגעהויבען זיך, אויסגעגלייכט זיך, פער־טשימעט די צייהן, פאר וואָס ער האָט גאר ניט ביי זיך. ער האָט א זוך געטהאָן ארום זיך א שטיין. און אז ער האָט גאָר ניט געפונען, האָט ער פון כעס ארויסגעריסען א שטיק ערד, געמאכט א קולאק און אוועקגעגאנגען צום אָרט, פון וואנען ער האָט געהערט דעם שאָרך.

אז ער האָט קיינעם ניט געפונען, אפילו יצחק'ן ניט דערזעהן, האָט זיך זיין כעס נאָך מעהרער פארגאָנדער־געברענט:

—מסתמא בעהאלטען זיך אין די גריבער...

איז ער אראָב אויפ'ן פעלד, אנגעקליבען שטיינער, אומגעקעהרט זיך צוריק און אויסגעצויגען זיך אויפ'ן בארג, ווי ער וואלט אויף צו להכעות געשפּיעלט מיט זיי־נע רעיונות, וועלכע האָבען איהם אַזוי געשראָקען. — אפשר איז די גאנצע „וואכטע“ דאָ..

## כ״ב.

די גאנצע צייט, וואס יצחק איז ניט געקומען צו זרח׳ן, איז אסתר ניט ארויס פון איהר חדר. זי האט ארומגעלאזען די פארהאנג איבער די פענסטער און גע־לעגען אין טונקעלען שטן. מיט די בליקען אויסגעמאלט אויפ׳ן וואנט יצחק׳ס פיגור, אבגעמאסטען ביז׳ל וואנען זיין קאפ וועט דערלאנגען, יענעם פלאץ א קוש געטהאן און פארנאנדערגעווײנט זיך.

פערקאמט די האר, אנגעטהאן א בלויע סטענגע, און ארויסגעקוקט דורכ׳ן פענסטער, טאמער וועט יצחק קומען.. חנה איז ארומגעגאנגען א פערטרויערטע איבער׳ן שטוב, אריין עטליכע מאל צו אסתר׳ן און געבעטען איהר, זי זאל ארויסגעהן אין דרויסען, אזא שעהנער טאג, און בע־רוהיגט זי.

— וואס איז מיין טאכטער, דיין מזל איז שוין אזא... לענגער קוקען אויף אסתר׳ן האט זי ניט געקענט און אריינגעגאנגען צו זרח׳ן.

— וואס וועט זיין ? דאס קינד געהט אוים מיט דער מינוט, אפשר צופאהרען צו איהם ?

זרח׳ס פנים איז אויפגעקנייטשט געווארען, און ער איז עטליכע מאל דורכגעגאנגען די שטוב, צוגעגאנגען צו אסתר׳ס צימער, אריינגעקוקט דורך דער שפארונע פון טיר, ווי זי ליעגט א פערוויינטע אויפ׳ן בעט, געוואלט

עפענען די טיהר. וואָס וועט ער אבער איהר זאָגען? זרח האָט זיך דערפיהלט אזוי מאכטלאָז, און געהייסען דעם שגץ איינשפאנען דעם פערד, „ער וועט צופאָהרען צו יצחק'ן, אזאַ עהרליך בחור, וואָס האָט ער צו זיין איינציג קינד" — האָט זרח געטראכט ארומגעהענדיג איבער'ן שטוב.

דער שגץ איז צוגעפאָהרען אין דער נייער בריטשקע מיט'ן רויטען קאשטאן, דעם עק פערדרעהט, די גריווע פערפלאָכטען מיט רויטע סטענגעס אין צעפעלעך.

זרח האָט א ציטער געטהאָן, דערזעהענדיג ווי החנא'דיג דער שגץ דערלאנגט איהם די בייטש:

— ער וועט פאָהרען צו ישראל'ן; זרח דער פאסע־סאר — די גאנצע געגענד האָט פאר זיין ווארט געציטערט — זאָל פאָהרען צו ישראל'ן, וואָס שלעפט די זעקלעך בראנפען אויפ'ן פלייצע!

און זרח איז אוועקגעלאָפען אין זיין צימער, גע־עפענט די קאסע, ארויסגענומען פון איהר דריי הונדערט רובעלדיגע סיגנאַציעס, מיט די וועקסלען און אריין צו אסתר'ן.

— נא דיר, מיין טאָכטער, וויין ניט, פאהר מיט מיר אין שטאָדט. א גילדערנעם זייגערל קויף איך דיר... די וועקסלען וועלען שוין ביי דיר ליגען, אויף וואָס דארף איך זיי? וויין ניט, מיין טאָכטער, וויין ניט.

און טרעהרען האָבען זיך אוועקגעשטעלט ביי זרח'ן אין די אויגען.

## כ"ג

דער גובערנאטאר האָט נאָר ערלויבט וואסיל'ן צו בלייבען אין דער היים ביז ווינטער און דערנאָך, אויב דאָס דאָרף וועט איהם ניט וועלען האלטען, זאָל מען איהם ארויסשיקען אין סיביר. פעדארע האָט זיך אומגעקעהרט א היים א פערטרויערטע, א פערוויינטע, מיט קיינעם ניט גערעדט, אין גאס ניט אַרויס, — די שונאים זאָלען ניט קלייבען קיין נחת.

די גוים האָבען זיך געשראקען פאר וואסיליען; פאר דער צייט וואס ער וועט זיין מיט זיי, וועט ער נאָך אונטערצינדען דעם דאָרף.

— שווער איז איהם דאָס צו טהאָן? א פאַפּיראָס אָוועקגעלעגט און געטוג... פאר גאָט האָט ער מורא?

זיי האָבען אבער געשוויגען. מורא געהאט צו אנהויבען זיך מיט איהם; א קלייניגקייט אזא גיבור, צורייסט שטריק, אויף פּאקראָווא אויסגע'הרג'עט א גאנצען דאָרף, ווי ניט זיין מאמע, וואָלט ער דעם פּריסטאוו אויך צושפּאלטען דעם קאפּ.

און דער סטארשוניא האָט געטראכט:

— דעם לעשניקס חזרים האָט ער געקענט צוברעכען די פיס, וועט ער ניט אונטערצינדען דעם דאָרף— און ער האָט געוואָלט רופען א סבאר פון די גוים זיי זאָלען בעשליסען וואסיליען באלד ארויסשיקען. ער האָט

אבער מורא געהאט דאָס צו טהאָן.

טאָמער כאַפּט ער איהם אמאָל ביינאַכט — ער פאָהרט ארום אזוי פיעל; קען זיך בעהאלטען אין וואלד און אראָבלאָזען מיט א פלאקען איבער'ן פּאטיליצע און קיינער וועט ניט הערען, ווי ער וועט אבגעבען גאָט די נשמה...

האָט דער סטארשינא פון כעם געשאלטען די נאַטשאלסטווע פאר זייערע פיהרונגען, ווי זיי האלטען אויף גנבים און אַזוי פיעל עהרליכע מענשען זאלען זיך שרעקען פאר זיי.

און ער האָט בעפוילען די דאָרפס־גוים אויסקלייבען פון זיך א וואכטע, און זי זאָל ארומגעהען ביינאַכט און היטען דעם דאָרף פון וואסיל'ן. זיינען יעדער נאַכט אַרויסגעגאנגען פון א הויף צי זעקס גוים מיט גרויסע שטעקענס, באַרוויסע, אין איבערגעקעהרטע פעלצען, מיט די פוטער ארויף און געהיט דעם דאָרף.

ביז האַלבע נאכט זיינען זיי געזעסען ביי ישראל'ן, געדרויכערט פאַפּיראָסען, דערצעהלט מעשיות פון „טשי־הונקע", ווי מ'פערדיענט דאָרטען געלד, פון גנבים, דער־נאָך ארוים אין דרויסען, א גרויסען פייף געטהאָן און אַוועקגערוקט זיך הינטער די שייערען, ארומגעטאַפּטשעט אין די ווינקלען, ביז'ל וואנען זיי זיינען איינגעשלאָפען לעבען א וואנט, קלעהרענדיג וועגען די פערד־גנבים, ווי מיכאש האָט זיי געכאַפּט הינטער'ן וואלד אויף'ן סאַשע.

## כ"ד

לאה וויל וויסן פאר וואס יצחק געהט נ'יט צו זרח'ן. זי איז דאָך א מאמע, מעג פרעגן, רופט זי איהם צו:

— זאָג מיר מיין קינד...

יצחק ענטפערט גאר ניט און רוקט זיך ארויס פון שטוב ווי א שטן.

פסח איז אומעטיגער געוואָרען, קריגט זיך מיט אלע־מען אין שטוב, וויל גאר ניט טהאָן און וויינט. ער האָט זיך איינמאָל צוגערוקט צו יצחק'ן, געקוקט, געקוקט אויף איהם, און געווארט ער זאל איהם זאגען, ווען וועלען זיי שוין אוועקפאָהרען.

יצחק האָט געשוויגען, אראָבגעלאזען דעם קאָפּ און איז אוועק אויפ'ן וויהאָן.

איז פּסח ארויף אויפ'ן בוידעם, ארויסגעוואָרפען די נאָדלען מיט די זייף, צובראכען זיין קעסטעל און פאר־נאָנדערגעוויינט זיך.

וואסיל'ן אַרט ניט, וואס מ'וועט איהם ארויסטריי־בען פון דאָרף, ער טראכט אבער ווי אזוי צינדט מען איהם אונטער. געהט ארום גאנצע טעג איבער די פעלדער און ווארט אויף א גרויסען ווינט, וועלכער זאל בלאָזען אויפ'ן דאָרף. ליעגט אויפ'ן בוידעם, קוקט אויף די פייגע־

לעך, כאפּט איינער גלעט, גלעט איהר, שפּייט אַן אין פּיסקעל אריין און לאָזט זי איין, טרייסעלט אראָב פון די בוימער די עפּעל און געהט אוועק אויפ׳ן וויהאן, רופט אויף שקצים׳לעך די פּאסטוכעס און צוטיילט זיי די עפּעל. כאפּט א פערד, הויבט איהם פאר די פּיס, קעהרט איהם איבער און לאכט צו יצחק׳ן:

— דו וועסט דאָס קענען?

יצחק קוקט אויף זיינע געזונטע הענט, ברייטע פּליי־צעס און איז מקנא וואסילי׳ן: וואָלט ער אַזוי געזונד גע־ווען וואָלט ער אפשר דאָס זעלבע געטהאָן, אַזוי שטעהט ער ווי אַ נאַר און קוקט זיך איין...

— וואָס טויגסטו? געווען אין שטאָדט, געקראגען א בלאסען פּנים. איך — אין ארעסטאַנטסקע ראטע, און זעה ס׳ארא באקען! און צו מיידלעך ביזטו געגאנגען? ווערט וואסיל גוט־ברודער מיט יצחק׳ן, לעגט אוועק די האנד אויף זיינע אקסלען און ער וויל, אז יצחק זאָל איהם דער־צעהלען, ווי האָט ער געלעבט מיט זיינע שטאָדטיגע מייד־לעך, וואס האָט ער געטהאָן אין די יו״ט׳דיגע טעג.

יצחק האָט זיך דערפיהלט ניט אנגענעהם פון וואַ־סיל׳ס נאָהענטקייט און ענטפערט איהם:

— טרינק בעסער דעם בראָנפען, דער שגץ האָט שוין געבראכט.

— און דו וועסט מיט מיר טרינקען? — האָט וואַ־סיל אבגעקלאפּט די פלאש בראנפען — לאָמיר אויס־טרינקען פאר די שטאָדטיגע מיט די רויטע בעקלעך.

— ניין, איך וועל ניט טרינקען — האָט יצחק שטיל געענטפערט און אוועקגערוקט זיך אין ווייטען פאר־נאכט איבער די ברייטע בלאָטעס.

## כ"ה

— דוכט מיר א גלעקעל! — האָט איינמאל ביי־נאכט ישראל אויפגעוועקט יצחק'ן פון שלאָף.

— אפשר פאָהרען זיי! — האָט דאָבע געענטפערט.

— זאָלען זיי פאָהרען, אין שטוב איז גאָר נישטאָ— האָט צוגעגעבען יצחק — איך האָב מיט פסח'ן אלץ ארויס־געטראָגען.

— דאָס איז ניט קיין גלעקעל — האָט ישראל ניט געקענט בעשטימען, וואס דאָס איז.

— אפשר קלינגט מען אין קלויסטער — האָט דער שראקען זעליג גערעדט.

ישראל האָט אויפגעעפענט די לאדען פון פענסטער און ס'האָט זיך דייטליכער דערהערט א גלאָקען־קלונג. זיין ווידער־קול האָט געריסען די שטילקייט און געמאכט פאר זיך א וועג. איהם האָט נאָכגעיאגט דער צווייטער קלונג, פארנאנדערגעצויגען זיך אין דער לופטען אזוי אוי־מעטיג און וויינענדיג אבגעקלונגען, ווי ער וואלט זיך פאר אימיצען בעקלאָגט און גערופען צו הילף.

— אָ, א שרפה! — האָבען אלע אין איין קול אויס־גערופען, אראָבגעלאָפען פון זייערע געלעגערס, אויפגע־עפענט די טירען, אראָבגעווארפען די לאדען פון פענס־טער און ארויסגעלאָפען אין גאס.

— די שויבען טשעפּעט ניט! — האָט ישראל גע־שריען.

— אַ שרפה! אַ שרפה! — האָט איהם דאָבע איבערגעשריען, געקלאַפּט אין די פענסטער, געבראָכען די שויבען און געוועקט די גוים.

אין די גלעקער קלינגט מען נאָך שטאַרקער, און דער קלאַנג ציהט זיך אויס לאַנג, לאַנג הינטער די הימ־לען.

דער פייער איז געוואָרען גרעסער, אויפגעהויבען זיך צום הימעל און איינגעשלונגען אין זיך די לבנה מיט די וואָלקענס.

זעליג האָט זיך אומגעקעהרט צוריק און בערוהיגט יצחק'ן, אַז ס'איז ניטאָ קיין סכנה, דאַניעלס שייער ברענט, ס'איז ווייט, און דער ווינט טרייבט אַהין, ווען ער איז געלאָפען אהער, האָבען זיך די האָר געבויגען צוריק.

איבער'ן גאַס לויפען אַרום גוים, גויה'ס, צוטומעל־טע מיט שטעקענס און מיט העק אין די הענט און שרייען:

— שטעהט אויף!

— גיכער, גיכער!

— דאָס דאָרף! דאָס דאָרף!

— צלמ'ן זיך און בעטען:

— אַ הייליגער גאָט, אַ הייליגער גאָט!

און זיי ווערט גרינגער פון דעם קלינגען אין קלויס־טער.

שילטען וואסיל סווינאַבאַי:

— דאָס איז זיין אַרבייט.

לעבען פייער דרעהען זיך אַרום עטליכע גוים און

ראַמען אַלץ אַב, וואס ס'ליגט לעבען די געביידעס, ווי זיי וואָלטען געוואָלט מאַכען אַ וועג פאַר'ן פייער.

אַ ווינטעל האָט אָנגעהויבען בלאָזען און דער פייער האָט לעבעדיגער מיט אַ גרעסערער פרישקייט אַרומגענומען די סטריכע און איבערגעוואָרפען די פונקען אויף אַ צווייטער שטוב.

ס'זיינען געקומען גוים פון די אַרומיגע דערפער און די גאַסען זיינען געוואָרען פולער מיט מענשען. דער טומעל גרעסער, מ'שרייט און ליאַרימט, מ'איז אַוועקגעלאָפען איבער די פעלדער זוכען וואַסיליען, אויפבינדען איהם און אַריינוואַרפען אין פייער.

די שייערען זיינען אָפען, אַלץ האָט מען אַרויסגעוואָרפען און אַוועקגעטראָגען ווייט, ווייט אויפ'ן מיטען פעלד, די בהמות טרייבט מען אַרויס מיט געוואַלד, מען שלאָגט זיי מיט שטעקענס, מען דרעהט פאַר'ן עק, מ'האַקט אַראָב די הערנער, און אַז די קלעפּ העלפען ניט, רייסט מען מיט רידלען, מיט די נעגעל די מיסט לעבען טיר, אפשר וועלען זיי נאָכגעהן; אַזוי לערנען די אַלטע גוים, זאָל מען טהאָן... די אַרויסגעטריבענע בהמות בלאָנדזשען אַרום אַרום פייער, און יעדערער וואס בעגעגענט זיי שלאָגט זיי און טרייבט אַוועק אין פעלד. שטעהען די בהמות פון ווייטען קוקען זיך איין און מעקען און בעטען עפּעס.

ישראל מיט די קינדער וויינען און שרייען, טראָגען אַרויס פון שטוב די בעטגעוואַנט און לעגען אויפ'ן גאָרטען.

זעליג כייט פסח'ן וואַרפען אויף די וועגט בלאָטע, גרייט צו די וואַסער, טאַפּען די ווענט, צו זיי זיינען ניט וואַרים.

און דערזעהענדיג אז זיי זיינען היים, זיינען זיי צוגעלאָפען צום טאַטען:

— פערפאלען, מיר ברענען!

— מיר ברענען, מיר ברענען! האָבען די איבעריגע קינדער געענטפערט.

זרח מיט חנה מיט אסתר'ן זיינען געקומען און אָנגעהויבען טרייבען אלעמען פון שטוב!

— זי ברענט דאָך שוין — האָט אסתר געבראכען די הענט.

ישראל איז נאָך אלץ געשטאַנען לעבען טיר און געריסען די זאַוועסעס.

די קינדער זיינען צוטומעלט געוואָרען, געכאַפּט זיך פאר די הענט, ארומגעלאָפען און געשריען:

— מיר ברענען!

דער פייער האָט פערכאַפּט ישראל'ס שטוב און דער דאך האָט זיך אנגעצונדען, די קינדער שטעהען אויפ'ן גארטען קוקען זיך איין און שרייען:

— אָי, די נייע טישטוך ניט ארויסגענומען!

— די קופּערנע פאן!

— זאָל כאָטש די מאמע אין שטאָדט ניט דערזעהן דעם פייער — בעטען זיך אלע.

חנה דריקט זיי צו צו זיך, דרעהט זיי איין אין איהר טוך, ווי זי וואָלט דערפיהלט, אז איצטער, ווען לאה איז ניטאָ, דאַרף זי זייער מאמע זיין.

ישראל געהט ארום לעבען פייער, דער קאפּטען צושפּיליעט, די באָרד צושויבערט, קוקט זיך איין, ווי די גוים כאַפּען די פערד, בינדען זיי צו מיט שטריק צו די וועגענער און פאָהרען צום טייך נאָך וואסער, לעשען די

דארף הייזער, ראמען פון דארטען די גוטס ארויס. אויף איהם קוקט זיך קיינער ניט ארום, זיין שטוב ברענט און קיינער ריהרט זיך ניט צו צו איהר; ער איז דא איי־נער אליין. ער, נאר מיט זיינע קינדער — ווערט ער אין כעס הויבט אן ארומגעהן גיכער און רעדט:

— הפקר! הפקר! — מאכט ער מיט די הענד צום רבש"ע, און איהם ווילט זיך אז אלע זאלען אזוי אבברענען ווי ער, זאל מען זייערע זאכען אויך צושליידערען, ווי זיי־נע און ער שפרייט פארנאנדער די הענד און בעט:

— רבש"ע זאל דער פייער וואקסען, אט פאר די שטורכעס, פאר די צובראכענע טישען, פאר די אומזיס־טע טרעהרען פון מיינע קינדער, ברענט! ברענט! — קיין שפענדעלע זאל דער פייער ניט לאזען, קיין שטרוילע זאל ניט בלייבען.

דער גלח האט ארויסגעטראגען די הייליגקייט פון קלויסטער, ארומגעשטעלט זיך מיט דעם ארום פייער און בעט גאט, ער זאל זיך מרחם זיין אויף זיינע ארימע קנעכט.

ישראל קוקט זיך איין און לאכט פערביטערט און איהם ווערט גרינגער.

— בעט זיך ,ווי איך! בעט זיך, בעט זיך...

אויפ'ן פארטאג האט מען דעם פייער איינגעלא־שען, די גוים פון די ארומיגע דערפער זיינען זיך צוגאנגען,

ווי פון א לויה, ווען דער מת דערנעהענטערט זיך צום בית עלמין, און יעדער באלעבאס האט אויף זיין ערד אויפגע־לעגט די אפגעברענטע האליץ, פארנאנדערגעשארט די אש און עפעס געזוכט אין די קוילען. ישראל זיצט איינגענו־רעט אין דעם אלטען פלאשץ לעבען זיינע זאכען, די קינ־דער ארום, אנגעשפארט אויף זיינע קניה און דרעמלען.

— וואס וועט איצטער זיין? — קלערט ער — טאראשוק וועט צואקערען די פעלד, קיין סמן וועט אפילו ניט בלייבען פון דער שטיבעלע, און וואס יעמאלט? און ער האט געפיהלט, אז אט די שמאטעס, מיט די אבגע־ברענטע האליץ לאזען איהם דא זיצען, און אז מ'וועט עס צונעהמען, וועט ער ניט האבען וואו צו שטעלען די פוס.

— וואו, וואוהין? מיט קליינע קינדער געגען ווינ־טער?

דאבע האט זיך אומגעקעהרט פון דארף דערצעהלט שטיל, אז די גוים לאזען ניט אוועקלעגען די זאכען, צו־גערוקט זיך א פערמאטערטע און אויך אנגעהויבען איינ־דרעמלען.

די זון האט זיך שוין אראבגעלאזען פון די בערג, צו צוויי, דריי פון א געזונד קלייבען זיך די גוים צו דער ארבייט, די גאסען ווערען פולער און לעבעדיגער.

זרח קוקט זיך איין אויף ישראל'ן מיט די קינדער און רופט אב יצחק'ן אן א זייט.

— דו זעהסט, ביי וואס בלייבט דיין טאטע? און איך מיט מיין איינציג קינד, אין שטאדט קען איך זי ניט אבגעבען, אליין שוין אלט... יצחק — נעהמט ער אן

זיין האנד — דו האסט אן אָרימען טאטען, בעדאכט זיך...
יצחק, מיין איינציג קינד, זי געהט אויס מיט יעדען טאָג.
— יצחק! יצחק! יצחק! — האָט ער ניט געוואָלט
אבלאָזען זיין האנד און פארנאנדערגעכליפעט זיך...

